# שפינאָזע
## דער
# געבענטשטער

צום 300סטן יאָר פונעם חרם
אויפן גרויסן יידישן דענקער



— פון —

ש. ווינער

# שפּינאָזע
## דער
# געבענטשטער

צום 300סטן יאָר פונעם חרם
אויפן גרויסן יידישן דענקער

1956 — 1656



— פון —
ש. ווינער

איקוף פאַרלאַג
ניו יאָרק • 1957

# BLESSED SPINOZA

TO THE TERCENTENARY OF THE EXCOMMUNICATION OF THE GREAT JEWISH THINKER

1656 — 1956

by

SAMUEL WIENER

New York, 1957

 107

Printed in the U. S. A.

געזעצט פֿון: כ. סאלאמיניש

1.

## שפינאָזע דער מענטש
## און דענקער

2.

## שפינאָזע און זיין
## פילאָזאָפיע



ברוך (בענעדיקטוס) שפינאָזע

.1

# שפינאָזע דער מענטש און דענקער

ס׳איז איצט, אין 1956, געוואָרן דריי הונדערט יאָר זינט דער אַמסטערדאַמער בית־דין האָט אַריינגעלייגט אין חרם דעם גאונישן יידישן דענקער ברוך שפינאָזע. דאָנערשטיק, 6 טעג אין חודש אב, תט״ז (יולי 27, 1656) ווערט אין דער פּאָרטוגעזישער סינאַגאָגע אויסגערופן אַ חרם אויפן 24־יעריקן ברוך עספּינאָזאַ. ער ווערט פאַרשאָלטן פון אַלע וועלטן, אַלע קללות און חרמות פון דער תוכחה ווערן אויסגעגאָסן אויף זיין קאָפּ:

„... זאָל ער זיין פאַרשאָלטן ביים אַרויסגיין, זאָל ער זיין פאַרשאָלטן ביי זיין צוריקקומען! גאָט זאָל אים קיינמאָל נישט מוחל זיין!

„זאָל זיך זיין צאָרן און כעס קעגן דעם מענטשן צעפלאַקערן און זאָל ער אויף אים אַראָפּשיקן אַלע קללות, וואָס זענען פאַרשריבן אין דער ספר־תורה.

„און גאָט וועט זיין נאָמען פון דער ערד אָפּ־מעקן, און גאָט וועט אים צו זיין מפלה אַרויס־

שטויסען פון אַלע שטאַמען פון ישראל מיט אַלע קללות פון הימל, ווי זיי זענען אין דער ספר־תורה פאַרשריבן.

„אָבער איר וואָס דויערט ביי גאָט, האָר אייערן, איר לעבט אייביק.

„מיר וואָרענען, אַז קיינער זאָל מיט אים נישט האָבן קיין שום שייכות, נישט מינדלעך, נישט שריפטלעך. קיינער זאָל אים קיין שום טובה נישט טון, און קיינער זאָל מיט אים נישט זיין אונטער איין דאַך אָדער אין דלד אמות מיט אים! און קיינער זאָל נישט לייענען קיין שום ספר, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אָדער געשריבן!"

אָט־דער חרם דאַרף אים אינגאַנצן און אויף תמיד אַרויסשטויסן פון דער יידישער עדה. קיין שום ייד טאָר מער נישט האָבן מיט אים דעם מינדסטן קאָנטאַקט. מ'טאָר מער נישט שטיין אין זיינע פיר איילן.

דער דאָזיגער טאָג האָט אויף אייביק איבער־געלאָזט אַ פלעק אויף דער אידישער געשיכטע. און שוין יאָרן ווי צווישן יידישע אינטעלעקטואַלן גייט אָן אַ באַוועגונג אָפּצומעקן דעם פלעק; אַראָפּנעמען דעם חרם פון אונדזער פילאָזאָף. ענדלעך האָט צוריק מיט צוויי יאָר, יולי 1954, דער אַמסטערדאַמער ראַבינאַט געפונען פאַר נייטיק אויפצונעמען די פראַגע וועגן בטל מאַכן דעם חרם — צוריק אים אויפנעמען אין דער יידישער עדה. דער רעזולטאַט אָבער איז געווען

אַ נעגאַטיוועך. דער ראַבינאַט האָט עס ביי זיך נישט געקענט פועלן. לויט דער אָנגעגעבענער דערקלערונג פונעם הויפּט־רב פון דער אַמסטער־־אַמער פּאָרטוגעזישער קהלה, רבי ראָדריגעז פעררייראַ, האָט דער ראַבינאַט קיין רעכט נישט צו בייטען אַן אַנטשיידונג פון פריערדיקע ראַבי־נאַטן, סיידן דער ראַבינאַט איז גרעסער אין צאָל און אין חכמה. און שפינאָזע בלייבט ווייטער „מחוץ למחנה".

* *

געבוירן געוואָרן איז ברוך שפינאָזע נאָוועמ־בער 24, 1632, ביי אַ קנאַפּ־פּאַרמעגלעכער מאַראַנען־פּאַמיליע, אין די ענגע געסלעך פון פלאיענבורג, אַ פאַרוואָרלאָזט פאָרשטעטל ביי אַמסטערדאַם, די יידישע געטאָ דעמאָלט. זיין פאָטער, מיכאל עספּינאָזאַ, אַליין נאָך אַ געבוי־רענער אין פּאָרטוגאַל און געקומען אַ יונג קינד מיט זיין פאָטער אברהם קיין האָלאַנד, איז גע־ווען אַ פרנס אין דער ספרדישער קהלה אין אַמסטערדאַם. צו זיבן יאָר שיקט ער זיין יינגל ברוך לערנען אין דער תלמוד־תורה עץ־חיים, וועלכע איז געווען דער שטאָלץ פון דער ספרדי־שער קהלה אין אַמסטערדאַם. ס'לערנען דאָרט גלייך די קינדער פון אָרעם און רייך. דאָרטן זאַפּט דער יונגער ברוך אין זיך איין תנ"ך מיט מפרשים, לערנט אויך גמרא. ער שטודירט דאָרטן אויך די מיטלאַלטערלעכע יידישע טעאָלאָגן און

פילאָזאָפן. צווישן זיינע לערער אין עץ־חיים געפינען זיך באַדייטנדיקע געלערנטע. איינער פון זיי איז געווען ר׳ מנשה בן ישראל. ער לערנט מיט שפינאָזען שירה און מליצה, דקדוק און מוסר. דאָס איז דער באַרימטער מנשה בן ישראל, וועלכער איז געפאָרן אויסווירקן ביי קראָמוועלן מ׳זאָל פאַר יידן עפענען די טויערן פון ענגלאַנד, פון וואַנעט מ׳האָט זיי אַרויסגעטריבן מיט אי־בער דריי הונדערט יאָר צוריק, אין יאָר 1290.

דער וויכטיקסטער רבי זיינער אָבער איז גע־ווען ר׳ שאול מארטייראַ. ביי אים לערנט שפינאָזע גמרא, תוספות און פוסקים. ר׳ שאול מאָרטייראַ שפיגלט זיך אין זיין יונגן תלמיד. ער האָט דע־מאָלט באַדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר 14־15. ער האָט אויפן געראָטענעם ברוך עספינאָזאַ געלייגט גרויסע האָפענונגען — פאַרזיכערט אונדז זיין ערשטער ביאָגראַף, זיין מיטציייטלער לוקאַס. ער האָפט, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַ גדול בתורה. און מיט אים קומט שפינאָזען אויס צו האָבן דעם ערשטן גייסטיקן געפעכט. ער ווייזט זיין רבין אָן אויף די קאָנטראַדיקציעס, ווידער־אַנאַנדז, וואָס ער, דער יונגער חריף, האַלט אין איין געפינען אין די „הייליקע ביבלישע שריפטן און אין תלמוד״. ער פאַרטיפט זיך אין די מיטל־אַלטערלעכע יידישע ראַציאָנאַליסטן און קריטי־שע דענקער, ווי דער אבן־עזרא, רמב״ם, חסדאי קרשקש (קרעסקאַס), רלב״ג, א. אַנד.

אין אַט יענער צייט הייבט דער יונגער שפינאָזע אָן צו לערנען גריכיש און לאַטייניש אין דער שולע ביים באַרימטן אַמסטערדאַמער לינגוויסט און הומאַניסט דר. וואַן דען־ענדען. אונטער זיין השגחה שטודירט ער די אַנטיקע גריכיש־רוימישע פילאָזאָפיע, אויך די ווערק פון די הומאַניסטן אין 15טן און 16טן יאָרהונדערט. ביי אים לערנט ער אויך מאַטעמאַטיק, נאַטור־וויסנשאַפט און אַסטראָנאָמיע. אויך אין מעדיצין קריגט ער ביי אים באַדייטנדיקע ידיעות. דאָרטן, אין דער שולע, ווערט ער באַפריינדעט מיט די קריסטלעכע פריי־גייסטער פון אַמסטערדאַם. דער דאָזיקער פילאָזאָף־עפיקורעיער, וואַן דען־ענדען, האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער אינטעלעקטועלער אויספורעמונג פונעם באַשיידענעם, צוריקגעצויגענעם ברוך שפינאָזע.

געוועזן איז עס אין יענער צייט ווען די קהלה־פאַרוואַלטונג רופט אים צו אַ פאַרהער — איין מאָל און נאָך אַמאָל. ער ווערט באַשולדיגט אין אפיקורסות. מ'טענהט מיט אים איין, ער זאָל זיך אָפּווענדן פון קרומען וועג, אויף וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען, ער זאָל זיך נישט דערווייטערן פון די יידישע טראַדיציעס. מ'מאַכט אַפילו אַ פּרואוו אים אונטערצוקויפן. מ'שלאָגט אים פאָר אַ יערלעכע סטיפּענדיע פון טויזנט גולדן, אַבי ער זאָל פון צייט צו צייט זיך ווייזן אין סינאַגאָגע. דער יונגער פילאָזאָף און זוכער פון אמת

איז אָבער קיין היפּאָקריט נישט. אים קויפט מען נישט אונטער. די געמיטער ווערן אַלץ מערער און מערער אויפגעהיצט אַקעגן אים, אַזוי, אַז איין מאָל, אַרויסגייענדיק פון טעאַטער, האָט אים אַ יונגערמאַן אָפּגעוואַרט און זיך אויף אים געוואָרפן מיט אַ מעסער. ער ראַטעוועט זיך קוים מיטן לעבן.

קיין זאַך העלפט מער נישט צוריקצוברענגען דעם „פאַרבלאָנדזשעטן" זון אינעם שויס פון דער פרומער יידישקייט פון זיינע אבות. בלייבט פאַר זיי איצט דאָס לעצטע דראַסטישע מיטל קעגן דעם אָפּטריניקן — איבערהאַקן דעם לעצטן פאָדעם, וואָס פאַרבינדט אים מיט יידן: אָנווענדן קעגן אים די שרעקלעכסטע שטראָף פאַר אַ ייד אין יענער צייט — דעם חרם.

מ׳האָט שפּינאָזען קודם פאַרבעטן אין סינאַגאָגע צו קומען זיך פאַרענטפערן און עפנטלעך אויסדריקן זיין חרטה. איז ער אַליין נישט געקומען, נאָר אָנשטאָט דעם צוגעשיקט אַ פאַרטיידיקונגס־שריפט, זיין „אַפּאָלאָגיאַ". (דאָס איז געווען די איינציקע שריפט זיינע אין שפּאַניש, די שפּראַך פון דער אינקוויזיציע, די מוטער־שפּראַך פון זיינע באַשולדיקער, ווי אויך זיינע — אַלע אַנדערע ווערק זיינע זענען אין לאַטייניש, די שפּראַך פאַר פילאָזאָפישע דיסערטאַציעס אין יענער צייט). איז זיין פאַרטיידיקונגס־שריפט נישט אָנגענומען געוואָרן, נישט איבער־

געלייענט אַפילו. די שריפט איז אינגאַנצן פאַר־לוירן געגאַנגען און איר אינהאַלט איז געבליבן אומבאַקאַנט. אַ שאָד, באמת.

מיט אָט דעם שריט, מיטן חרם, פירט דער אַמסטערדאַמער בית־דין אַדורך די פאָרמעלע אָפשיידונג פון דער יידישער עדה דעם „לא יבוא בקהל״, דעם זון און אייניקל פון פרומע מאַראַ־נען. אָט דער אַקט האָט אויך געהאַט דעם ציל אָפצושרעקן אַנדערע : אויב ווער ס׳דערווייטערט זיך מיטן געדאַנק, וועט זיך עס אויסלאָזן מיטן דערווייטערן אים אויך פיזיש.

(איז נאָך גוט, וואָס דאָס מאָל האָט זיך מיטן 24 יעריקן שפינאָזע נישט איבערגעחזרט די אור־ריאל אַקאָסטאַ טראַגעדיע. שפינאָזע איז דע־מאָלט טאָקע נישט מער ווי אַכט יאָר אַלט גע־ווען, איז אָבער זיכער געבליבן איינגעקריצט אין זיין זכרון דער גרויסער אויפרודער, וואָס יענער חרם האָט אַרויסגערופן צווישן די יידן אין אַמסטערדאַם, און ווי דאָס אומברחמנותדיקע איזדיעקעווען זיך איבערן אומגליקלעכן אַקאָסטאַ האָט אים עווענטועל געטריבן צו זעלבסטמאָרד).

יענער טאָג איז אַ ווענד־פונקט אין זיין לעבן — דער אין חרם אַריינגעוואָרפענער, פאַרשאָל־טענער ברוך שפינאָזע, געזעגנט זיך מיט זיין נעכטן און בענעדיקטוס — דער געבענטש־טער — שפינאָזע הייבט אָן זיין וועג אין דער אייביקייט.

איז אָבער דער חרם אַליין נאָך ווינציק — טראָגט מען אויף אים אונטער אַ מסירה צו די אַמסטערדאַמער שטאָט־טאַטעס, אַז ער איז אַן אַטעאיסט. באַפעלט מען אים אויף פאַרלאָזן די שטאָט. עטלעכע חדשים שפּעטער קערט ער זיך צוריק אום קיין אַמסטערדאַם. לעבט דאָרטן אַרום פיר יאָר מער־ווייניקער רואיק, נישט געשטערט. אַרבעט אַ סך אויף זיין בילדונג אין דער פריער־דערמאָנטער שולע ביי זיין לערער וואַן דען־ענדען, און לעבט זיך דאָרטן איין אינעם קרייז פון די נישט־יידישע פריידענקער.

לאָזט דאָס אָבער ווידער נישט רוען די עלטסטע פון דער קהלה. סוף 1659 האָט אין זייער נאָמען שאול מאָרטייראַ, שפינאָזעס געוועזענער רבי, זיך געווענדט צום בירגערמייסטער מיט אַ בקשה, מ׳זאָל שפּינאָזען אַרויסשיקן פון שטאָט. דאָס מאָל ווערט דער 28־יעריקער בענעדיקטוס שפּי־נאָזע געצווּנגען צו פאַרלאָזן זיין געבוירנשטאָט אַמסטערדאַם שוין אויף שטענדיק.

דער איינזאַמער פילאָזאָף באַזעצט זיך אָנהייב 1660 אינעם שטעטעלע ריינסבורג. אין 1663 ציט ער זיך איבער אינעם שטעטל וואָרבורג, נאָענט צו האַאַג. זעקס יאָר וואוינט ער אין וואָרבורג. ער לעבט דאָרט שטיל און רואיק. דאָרטן אַרבעט ער אויף דער „עטיק" און אויף אַנדערע ווערק זיינע. פון דאָרטן האָט ער זיך איבערגעקליבן אין דער נאָענטער גרויסער שטאָט

האָאַג, וואו ער פאַרענדיקט די לעצטע זעקס יאָר פון זיין לעבן.

דער ערשטער ביאָגראַף זיינער, לוקאַס, ווייסט צו דערציילן פון יענער צייט, אַז „איג־טעליגענטע רייזנדע, וואָס פלעגן זיך אָפּשטעלן אין האָאַג, האָבן געגלייבט, אַז נישט צו זען שפינאָזען, וועלן זיי דעם ציל פון זייער רייזע נישט האָבן דערגרייכט".

דאָ, אין האָאַג, שלייפט ער ווידער און ווידער־אַמאָל זיין קרוין־ווערק, די „עטיק", איידער ער לאָזט עס אַרויס פון זיינע הענט. אָנגעהויבן די „עטיק" נאָך אין וואָרבורג, האָט ער זי איבער־געריסן צוליב דער אַרבעט איבערן „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט".

אין די יאָרן, וואָס שפינאָזע האָט געמוזט וואוינען אין די קליינע שטעטלעך — ריינסבורג און וואָרבורג און איז געווען אָפּגעשניטן פון זיין אינטעלעקטועלן קרייז אין אַמסטערדאַם, פילט ער זיך איינזאַם. דאָס שטעטל וואָרבורג, וואו ער האָט געלעבט זעקס יאָר, ווערט אָבער צוליב אים באַרימט איבער גאַנץ אייראָפּע. דאָרטן שאַפט ער די מייסטטע ווערק זיינע. מ׳קאָן פונ־דעסטוועגן נישט זאָגען, אַז ער איז געווען פול־שטענדיק פאַראיינזאַמט. דער פריער דערמאָנטע־ערשטער ביאָגראַף זיינער לוקאַס דערציילט, אַז די באַרימטסטע געלערנטע זוכן אים דאָרטן אויף „פונקט ווי זיי האָבן עס געטון אין ריינסבורג".

ס׳כאַפּן זיך צו אים אָפּט אַראָפּ זיינע געטרייע אָנהענגער און פריינט פון אַמסטערדאַם, אויך די נייע פריינט פון נאָענטן האַאַג. אין אַ בריוו זיינעם צו אָלדענבורגן קיין לאָנדאָן אין יענער צייט (יולי, 1663) שרייבט שפּינאָזע: „איך בין קוים אַ באַלעבאָס איבער זיך אַליין, מחמת דער גרויסער צאָל פריינט, וואָס באַערן מיך מיט זייערע וויזיטן״.

זיין חיונה ציט אָט דער נאָבלסטער פון אַלע מאָדערנע דענקער, פון אַרבעט — פון שלייפן אָפּטישע גלעזער. דערמיט איז שפּינאָזע געבליבן געטריי — ווי ס׳דערציילט זיין צווייטער ביאָגראַף און מיטצייטלער, קאָלערוס — דער אַלטער יידישער טראַדיציע, אַז אַ תלמיד־חכם דאַרף זיך דערנערן דורך אַ מלאכה. קומט אַוודאי אים אויס צו לעבן אָרעמלעך, איינשפּאָרעוודיק און איינגעהאַלטן. פונדעסטוועגן, אַז מ׳לייגט אים פאָר די קאַטעדרע פאַר פילאָזאָפיע אינעם אוני־ווערזיטעט אין היידלבערג, איז אים זיין „פריי־הייט צו פילאָזאָפירן״ בילכער ווי די פּראָפעסורע אין דעם געהויבענעם אוניווערזיטעט. ווייטער ענטפערט ער: „איך זוך נישט קיין שום העכערע וועלטלעכע פּאָזיציע ווי יענע וועלכע איך געניס איצט״! אָבער ווען זיין געטרייער פריינט און תלמיד, שמעון דע־וועריעס, וויל אים אַביסל פאַר־גרינגערן זיין לעבן, און לייגט אים פאָר (אין 1667) אַ יערלעכע סובסידיע פון 500 גולדן, קען

אים ניט שפינאָזע אינגאַנצן אָפּזאָגן. נישט מער, וואָס ער דינגט ביי אים אָפּ 200 גולדן. מער ווי 300 גולדן אַ יאָר וויל ער נישט אָננעמען.

אָט אַזוי שלייפט ער בייטאָג ברילן און ביינאַכט — זיינע מאַנוסקריפּטן, די אומשטערבלעכע ווערק זיינע. האָט אָבער די אַרבעט זיינע אונטערגעגראָבן זיין געזונט. טובערקולאָז איז ביי אים אַ משפּחה־פּעלער. דער גלאָז־שטויב איז סם־המות פאַר זיינע אָנגערירטע לונגען און דערפירט אים עווענטועל יונגערהייט אין קבר אַריין.

זיין פּערזענלעכן אויסזען און שטייגער־לעבן שילדערט דער פריער־דערמאָנטער ביאָגראַף זייער, קאָלערוס, מיט אָט־די ווערטער: „ער איז געווען אַ מענטש פון מיטעלן וואוקס מיט זייער פּראָפּאָרציאָנעלע געזיכטס־שטריכן, די הויט עטוואָס ברוין, די האָר שוואַרצע און געקרייזלטע, די ברעמען לאַנגע און שוואַרצע, דאָס גאַנצע פּנים זייער איינגענעם. ... געפירט האָט שפּינאָזע אַ רעגלמעסיק לעבן, ער האָט תמיד גובר געווען זיינע עמאָציעס — מ'האָט אים קיינמאָל נישט געזען צו טרויעריק אָדער צו פריילעך. ... ווען ער האָט זיך געפילט מיד נאָך זיין אַרבעט און זיינע פילאָזאָפישע פאָרשונגען, פלעגט ער אַרויסגיין פון זיין צימער און שמועסן מיט די הויז־לייט (ביי וועמען ער האָט געוואוינט) וועגן זייערע געוויינלעכע זאַכן, פּשוט מעשה שטוב־מענטש, אַפילו וועגן קלייניקייטן".

נאָך איינער פון שפּינאָזעס ערשטע ביאָגראַפן, בייל, דערציילט וועגן אים פון דער צייט ווען ער האָט געוואוינט אין ריינסבורג: „די וואָס זיינען געקומען אין קאָנטאַקט מיט שפּינאָזען, וואו ער האָט געלעבט אַ געוויסע צייט צוריקגעצויגן, ווי אויך די פּויערן פון די דערפער, גיבן צו, אַז ער איז געווען אַ מענטש, מיט וועלכן מ׳האָט געקאָנט גאַנץ גוט פאַרברענגען. ער איז געווען פריינטלעך, יושרדיק, איידל און זייער באַשיידן אין זיין אַרט לעבן״.

קיין מינדסטער שפּור פון גאווה. גאווה איז ביי אים געווען איינע פון די מיאוסטע און שעדלעכסטע מידות, אַ קוואַל פון צרות און אומגליקן.

„גאווה קומט דערפון, — זאָגט שפּינאָזע, — וואָס דער מענטש איבערשאַצט זיך זעלבסט. אַזאַ מענטש איז זיך שטאַרק מחיה אין דער געזעלשאַפט פון חניפהניקעס און פּאַראַזיטן און מיידט אויס די געזעלשאַפט פון אויפריכטיקע מענטשן. דער בעל־גאווה איז על־פי נויטווענדיקייט אַ בעל־מקנא. אָבער גאַנץ באַזונדער האַסט ער יענע, וואָס ווערן הויך געלויבט פאַר זייערע גוטע מעשים. וואָס מער מאַכט דער בעל־גאווה פאַרמאָגט — אַלץ מערער שאָדן, אומגליק און שלעכטסקייט טוט ער אָן. אָנשטאָט אים אויסצושטעלן פאַר אַ נאַר, מאַכן אים ד

פאַראַזיטן און חניפהניקעס משוגע" („עטיק", טייל 4, פּראָפּאָזיציע 75).

ווייטער, אַנטקעגן דעם פּעסימיסטישן אויס־קוק פונעם ענגלישן פילאָזאָף טאָמאַס האָבס (1679־1588), אַז „מלחמה פון אַלע קעגן אַלע" איז אַ „נאַטירלעכער צושטאַנד" ביי דער מענטש־הייט, אַז דער מענטש איז דעם מענטשן אַ וואָלף, קומט שפּינאָזע מיט זיין ליכטיקן אָפּטימיזם און גלויבן אינעם מענטש, און שטעלט אַרויס זיין פּאָסטולאַט: „ד ע ר מ ע נ ט ש א י ז ד ע ם מ ע נ ט ש ן אַ ג אָ ט !" דערמיט שטעלט ער זיך אַוועק קעגן קנאה־שנאה צווישן מענטשן, קעגן פיינטשאַפט צווישן פעלקער — קעגן מלחמה.

פאַר שפּינאָזען דעם הומאַניסט איז ד אָ ס ג ל י ק פ ו ן פ אָ ל ק ד אָ ס ה ע כ ס ט ע ג ע ז ע ץ, „צו וועלכן עס דאַרפן צוגעפּאַסט ווערן אַלע מענטשלעכע און געטלעכע זאַכן" („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט"). אין אָט־דעם טראַקטאַט, וואו ער פירט אַדורך אַ שטודיום וועגן דער ראָלע פון רעליגיע, באַווייזט שפּי־נאָזע די אינעווייניקסטע פאַרבינדונג צווישן רעליגיע און פּאָליטיק, און ער קומט צום אויס־פיר, אַז רעליגיע „האָט שטענדיק זיך צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון דער מלוכה". אָבער, זאָגט שפּינאָזע, דער ענד־ציל פון דער מלוכה — איז פ ר י י ה י י ט. אַ פרייע מלוכה דאַרף

שטרעבן צו באַפרייען די מענטשן פון פּחד און שאַפן אַזעלכע באַדינגונגען, אַז זיי זאָלן זיך פריי קאָנען באַנוצען מיטן פאַרשטאַנד. אָן דער פרייהייט פונעם שכל, אָן דער פרייהייט פונעם געדאַנק, קאָן די וויסנשאַפט און קונסט זיך נישט אַנטוויקלען, „מחמת די לעצטע קאָנען צום בעסטן געדייען בלויז דורך מענטשן מיט אַ פרייער מיינונג און אָן פאָראורטייל".

מיט ביטערן סאַרקאַזם קריטיקירט ער יענע סאָציאַלע אָרדנונג, וועלכע דערלאָזט צו רדיפות, פאַרפאָלגונגען קעגן דעם פילאָזאָפישן און וויסנ־שאַפטלעכן געדאַנק אינעם נאָמען פון דער פאַר־טיידיגונג פון רעליגיעזע פאָראורטיילן און פאַר־עלטערטע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס. ער רימט יענע, וועלכע גייען צום טויט מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ פאַר אַ גערעכטער זאַך, אין נאָמען פון פרייהייט.

„וואָס פאַר אַ שלעכטער אַקט ס'איז פון דער מלוכה אַרויסצושיקן קיין אויסלאַנד, ווי פּשוטע פאַרברעכער, מענטשן וואָס פירן אַן ערלעך לעבן, בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַנדערע מיינונגען און ווייסן נישט ווי אַזוי זיי צו באַהאַלטן ? וואָס קאָן זיין שעדלעכער, שטרייך איך אונטער, ווי צו האַלטן פאַר שונאים און פירן צום טויט מענטשן, וועלכע מ'קאָן נישט פאָרוואַרפן קיין שום פאַרברעכן אָדער שלעכטע טואונגען, נאָר בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן אַ שטאָלצן כאַ־

ראַקטער ; און מ׳פאַרוואַנדלט אַן עקזעקוציע־פלאַץ פול מיט גרויל און שלעכטס אין אַן אָפּע־נעם טעאַטער, וואו מ׳זעט—צו דער שאַנד פונעם הערשער — די שענסטע ביישפּילן פון אויס־געהאַלטנקייט און קוראַזש ? מ׳ווייסט, אַז זיינע מעשים זיינען אָן שום פאַרוואורף, אַז ער שרעקט זיך נישט, ווי אַ קרימינאַלניק, פאַרן טויט, און בעטלט נישט קיין רחמים זיך צו ראַטעווען פונעם אורטייל ; וואָרים זיין נשמה איז ריין פון יעדער חרטה מחמת עפּעס אַ מיאוסן טאַט ; אין זיינע אויגן גלאַנצט דער כבוד צו שטאַרבן פאַר אַ גערעכטער זאַך, העלדיש מקריב צו זיין זיין לעבן פאַר פרייהייט („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט”).

(קלינגט דאָס נישט צומאָל איצט, מיט דריי הונדערט יאָר שפּעטער, אַזוי אַקטועל, היינט־צייטיק ?)

אין אָט־דעם שאַרפן פּראָטעסט פונעם דענקער אַנטקעגן די רדיפות, פאַרפאָלגונגען אויף די פּראָגרעסיווסטע עלעמענטן פון זיין דור. וועלכע האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט פון געדאַנק און פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, פילט מען זיין טיפע סימפּאַטיע פאַר אַלע די, וואָס זיינען גרייט דאָס לעבן צו שטרעקן פאַר אַ גערעכטער זאַך.



שפּינאָזע ווערט ביי אַ סך באַטראַכט ווי דער

סאַמע פאַרנעמסטער צווישן אַלע פילאָזאָפן אין דער מאָדערנער צייט. דאָס וויכטיקסטע ווערק זיינס די „עטיק״*) באַהאַנדלט נישט נאָר עטישע פראָבלעמען, נאָר אין די קנאַפּע 300 זייטן האָט ער צונויפגעפּרעסט אַ פולשטענדיק אויסגערונ־דעטע, פאַרגאַנצטע לעבנס־פילאָזאָפיע. אויסגעגאָסן לויטן מוסטער פון געאָמעטריע, מיט נומע־רירטע פּראָפּאָזיציעס א. אַז. וו. אויסגעשטעלט איינס אונטער דעם אַנדערן מיט אַ שטרענג־

---

*) די ערשטע און איינציקע יידישע איבערזעצונג פון דער „עטיק״ פון וו. נאַטאַנסאָן איז אַרויס אין 1923, אין וואַרשע. בעת די שפּינאָזע־פייערונגען צו זיין 300סטן געבוירנטאָג, האָבן די „ליטעראַרישע בלעטער״, נומער 11, מערץ 10, 1933, געהאַט אַ פאַכמענישע, קאָמפּעטענטע אַרבעט פון יעקב פאַיענסאָן וועגן דער איבערזעצונג. שוין באַלד ביים אָנהייב ווייזט ער אָן, אַז „די אומזיניקייטן און שפּראַכלעכע דעפעקטן זענען, ליידער, צעשפּרייט איבערן גאַנצן בוך, און ס׳וואָלט אָפּגענומען צופיל אָרט אויף אַלץ אָנצואווייזן, וועל איך זיך באַנוצן מיט איי־ניקע״. און אָט אַזוי גייט ער כסדר און ווייזט אָן אויף די אומ־פּינקטלעכקייטן, אָפט פּשוט פאַרפירערישקייטן פון דער איבערזעצונג. (דער שרייבער פון די שורות האָט דעמאָלט פאַרגליכן די איבערזעצונג מיטן לאַטיינישן אָריגינאַל פון דער „עטיק״, ווי אויך מיט עטלעכע איבערזעצונגען אין אַנדערע שפּראַכן. לאָזט זיך אויס, אַז אָט די יידישע איבערזעצונג פאַרמאָגט קיין איין גאַנץ אבר נישט).

ס׳איז דערביי טשיקאַווע דאָס, וואָס לויט דער ביבליאָ־גראַפיע אינעם „ספּינאָזאַ־בוך״, ניו־יאָרק, 1932, איז צווישן 1923 און 1927 די דאָזיקע איבערזעצונג אַרויס אין פיר אויפלאַגעס, און אַלע צעכאַפּט. געווען ממש אַ „בעסט סעלער״, ווי ס׳הייסט אין אַמעריקע.

לאָגישן סדר, איז דער דאָזיקער ברילּיאַנטענער באַנד פון אַלעמען אָנערקענט ווי איינס פון די העכסטע מייסטער־ווערק פונעם פילאָזאָפישן אינטעלעקט.

שפינאָזען האָט מען געהאַלטן אין איין באַ־שולדיקן אין אַטעאיזם. איז וואָס איז נוגע דער רעליגיעזער טראַדיציע — די יידישע ווי די קריסטלעכע — קאָן מען די באַשולדיקער זיינע נישט פאַרדענקען. זייענדיק, דעריבער, צוליב זיינע אידעען אונטערגעוואָרפן, ווי ער איז עס טאַקע געווען, צו רדיפות דורך ביידע, סיי דורך די רעליגיעזע אויטאָריטעטן און סיי דורך דער מלוכה, מאַכט ער אין זיין פילאָזאָפיע אַ קאָמ־פּראָמיס מיט דער מיטלאַלטערלעכער רעליגיעז־סכאָלאַסטישער טערמינאָלאָגיע דורך דעם, וואָס ער ברענגט אַריין אין זיין פילאָזאָפישן סיסטעם אי גאָט און אי אומשטערבלעכקייט (השארת הנפש). ס'קאָן גאַנץ גוט געמאָלט זיין, אַז ער האָט דערמיט פאַרהיט זיין לעבן און זיין פריי־הייט.

ווי־זשע זעט ביי אים גאָט אויס? גאָט איז, לויט זיין מיינונג, אַן איבער־מאַטעריעל וועזן, וואָס זיין תוך איז די טאָטאַליטעט, דער גאַנצער סכום פון דער נאַטור, ד. ה., אַז די נאַטור אין איר גאַנצקייט און פולשטענדיקייט — איז גאָט. מיט אומשטערבלעכקייט. ווידער, האָט שפינאָזא נישט געמיינט די רעליגיעזע דאָגמע וועגן אַ

לעבן נאָכן טויט, נאָר דאָס דערגרייכן ביים לעבן, אויף אַזוי פיל וויפיל ס׳איז נאָר מעגלעך, אַ הויכע קוואַליטעט אינעם דענקען און אין טואונגען, אין גוטע מעשים, און צו דעם אויך דער פאַקט, אַז אַ מענטשנס לעבן, ווען ס׳איז שוין פאַראיבער, ווערט עס אַ טייל פון דער אומפאַרענדערלעכער און אייביקער פאַרגאַנגענהייט.

אַז שפּינאָזע האָט געהאַט מער ווי גענוג סיבות צו זיין תמיד אויף דער וואַך, קאָן גאָר קיין שום ספק נישט זיין. דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, אַ געוועזענער מאָנאַך, איז אין יאָר 1600 פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן דורך דער קאַטוילישער אינקוויזיציע אין רוים פאַר זיינע אפּקורסישע געדאַנקען, אַז די וועלט איז אומענדלעך. אין 1632, אין זעלבן יאָר, ווען שפּינאָזע איז געבוירן געוואָרן, האָט די אינקוויזיציע אין רוים געצוואונגען גאַלילעיען זיך אָפּצוזאָגן פון זיינע טעאָריעס, אַז די ערד דרייט זיך. שפּינאָזעס לעבן איז געווען אין געפאַר, ווען זיינע צוויי הויכגעשטעלטע פריינט אין דער מלוכה, די ברידער דע־וויט, זענען געפאַלן קרבנות פון אַ ברוטאַלן פּאָליטישן מאָרד. איז דערפאַר טאַקע זיין שעדעוור, די „עטיק״, נישט אַרויס ביי זיין לעבן. אין אַ בריוו אין יענער צייט צו זיין פריינט בלייענבערג, זאָגט שפּינאָזע, אַז מחמת דעם, וואָס „די טעאָלאָגן טשאַטעווען אויף מיר

פון אַלע ווינקלען, האָב איך באַשטימט אָפּצו־
לייגן די צוגעגרייטע פובליקירונג (פון דער
"עטיק") ביז יענער צייט, ווען כ'וועל זען מיט
וואָס דאָס אַלץ וועט זיך אויסלאָזן".

אַז זיין שרעק איז נישט געווען אומזיסט, איז
גרינג צו זען אויך דורך אָט־דעם פאַקט: אין
אָקטאָבער 1677, אַרום אַכט חדשים נאָך שפּי־
נאָזעס טויט, האָבן זיינע געטרייע פריינט און
פאַרערער אין האָלאַנד באַוויזן אַרויסצולאָזן אַ
גרויסן באַנד שריפטן פון זיין גייסטיקער ירושה,
וואָס ער האָט נאָך זיך געלאָזט. די "עטיק"
ווערט דאָ, אין דעם באַנד, פאַרעפנטלעכט צום
ערשטן מאָל. איז הגם, וואָס אַפילו איצט, נאָך
זיין טויט, ווערט נישט אָנגעגעבען שפּינאָזעס
נאָמען, נאָר זיינע איני־ציאַלן בלויז — ב. ס.
איז ווי נאָר די "עטיק" האָט דערזען די ליכטיקע
שיין, הייבט זיך אין די קירכלעכע קרייזן גלייך
אויף אַ מוראדיקער שטורעם אַנטקעגן דעם
אַטעאיסטישן ווערק. דער בירגערמייסטער פון
ליידען באַפעלט באַלד דאָס בוך צו פאַרברענען.
און גלייך דערנאָך ווערט דורך דער מלוכה דער
באַנד פאַרבאָטן אין גאַנץ האָלאַנד אונטער דער
דראָאונג פון לאַנגע תפיסה־טערמינען און שווע־
רע געלט־שטראָפן. דאָס שטעלט אָבער נישט אָפּ
די פאַרשפּרייטונג פונעם בוך.

האָבן די רדיפות אים אפשר פאַרביטערט,
אָדער פאַרטונקלט זיין ליכטיקן אָפּטימיזם?

אָט וואָס שפּינאָזע שרייבט צו אַ פריינט:
„איך באַמי מיך מיין לעבן אויסצולעבן נישט אין טרויער און זיפצן, נאָר אין רו, פרייד און שמחה.
„נאָר דער פינצטערער און טרויעריקער אָבער־גלויבן פאַרבאָט אונדז זיך אָפּצוגעבן מיט פרייד. וואָס גרעסער ס'איז אונדזער פרייד, אַלץ אַ גרעסערע שלימות, פּערפעקטקייט דערגרייכן מיר".
44 יאָר, 2 חדשים און 27 טעג זענען געווען שפּינאָזעס יאָרן און טעג אויף אונדזער ערד. מאָנטיק, פעברואַר 22, 1677, דריי בייטאָג, הויכט ער אויס זיין לעצטן אָטעם. דערמיט האָט זיך געענדיגט דאָס קורצע, אָבער פולע און איינ־האַלטסרייכע לעבן פון איינעם פון די געניאַל־סטע זין פון אונדזער פאָלק, ווי פון דער מענטש־הייט בכלל.
דער פריער־דערמאָנטער ערשטער שפּינאָזע־ביאָגראַף, לוקאַס, האָט נאָך שפּינאָזעס טויט געשריבן:
„קורץ איז געווען זיין לעבן, דאָך קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט געלעבט אַ סך. וואָרים ער האָט פאַרמאָגט דאָס אמתע גוטע — די טוגנד, און האָט שוין מער נישט געקאָנט פאַרלאַנגען, נאָך דעם ווי ער האָט זיך דעראָבערט גרויס רום מיט זיין טיפער וויסנשאַפט. ער האָט זוכה געווען צו שטאַרבן, נאָך דעם ווי ער האָט דערגרייכט דעם

העכסטן שטאַפּל פון באַרימטקייט, נישט זייענדיק
באַשמוצט פון קיין שום פלעק, איבערלאָזנדיק
די דענקער און געלערנטע אין טרויער, וואָס
מ׳האָט ביי זיי צוגענומען זייער ליכט, וועלכעס
ס׳איז פאַר זיי נישט ווייניקער נייטיק געווען ווי
דאָס ליכט פון דער זון . . . שפּינאָזע וועט לעבן
אינעם זכרון פון די אמתע געלערנטע און אין
זייערע שריפטן, וועלכע זענען אַ טעמפּל פאַר
שפּינאָזעס אומשטערבלעכקייט״.

בלויז צוויי ווערק זיינע זענען אַרויס ביי זיין
לעבן: „די פּרינציפּן פון דעקאַרטס פילאָזאָפיע״,
1663, און דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַק־
טאַט״, 1670. אויף אָט דעם צווייטן ווערק זיי־
נעם האָט שפּינאָזע שוין נישט אָנגעגעבן זיין
נאָמען, נאָר אַ פּסעוודאָנים. און נישט אומזיסט.
ווי נאָר דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַק־
טאַט״ האָט דערזען די ליכטיקע שיין, הייבן די
טעאָלאָגן אויף אַ שטורעם קעגן אָט דעם אפּי־
קורסישן ווערק. כאָטש דאָס בוך האָט נישט
געטראָגן שפּינאָזעס נאָמען, איז פאַר די אינ־
טעלעקטועלע קרייזן קיין סוד נישט געווען, אַז
שפּינאָזע איז דער מחבר פונעם בוך. זענען דאָס,
נאַטירלעך, נישט געווען די איינציקע צוויי
ווערק, וואָס ער האָט פאַרטיק געמאַכט ביי זיין
לעבן. אויך אַנדערע שריפטן זיינע זענען יאָרנ־
לאַנג געווען גרייט צום דרוק. נישט קענענדיק,
צוליב די באַדינגונגען דעמאָלט, אָפּדרוקן די

אַנדערע ווערק זיינע, גיבען זיך שפּינאָזע און זיינע אָנהענגער, ווי ס'איז אַן עצה ווי אַזוי צו פאַרשפּרייטן די אידעיען זיינע. מ'קאָפּירט אָפּ ביי האַנט די מאַנוסקריפּטן זיינע, און מ'ציר־קולירט זיי אויף אַן אונטערערדישן אופן. אַזוינס איז אין יענער צייט נישט געווען קיין נאָווינע.

אַחוץ די צוויי פריער דערמאָנטע ווערק שפּי־נאָזעס, איז די גייסטיקע ירושה זיינע, וואָס ער האָט באַוויזן צו שאַפן אין משך פון זיין קורצן לעבן, באַשטאַנען קודם־כל פון זיין קרוין־ווערק, די „עטיק", און ווייטער דער „קורצער טראַקטאַט וועגן גאָט, מענטש און זיין וואוילשטאַנד". „טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פונעם אינטעלעקט", „קליינער טראַקטאַט וועגן רעגנ־בויגן" און דער „פּאָליטישער טראַקטאַט". די אַלע ווערק זיינע, ווי אויך זיין קאָרעספּאָנדענץ, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ רייכן פילאָזאָפישן מאַטעריאַל, זענען אַרויס נאָך זיין טויט. (ער האָט, אַחוץ דעם, אויך געשאַפן אַ גראַמאַטיק פון דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע איז קיינמאָל נישט אַרויס, און אויך איבערגעזעצט דעם תנ"ך אויף האָלענדיש. נישט זייענדיק פול־שטענדיק צופרידן מיט דער איבערזעצונג, האָט ער זי פאַרברענט קורץ פאַר זיין טויט, אין 1677).

אויף יידיש איז פון שפּינאָזעס ווערק אַרויס די פריער־דערמאָנטע איבערזעצונג פון דער

„עטיק" פון וו. נאַטאַנסאָן, 1923, וואַרשע; דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט", איבערגעזעצט פון נ. פערלמאַן, פאַרלאַג מ. יאַנקאָוויטש, ניו־יאָרק, 1923, און דער „טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פונעם אינטעלעקט", איבערגעזעצט פון ש. ווינער און י. יודקאָוו, געדרוקט אינעם „ספּינאָזאַ בוך", צום דריי־הונדערטסטן געבוירנטאָג פון בענעדיקטוס ספּינאָזאַ, ניו־יאָרק, 1932.

אין 1927, צו שפּינאָזעס 250סטן יאָרצייט, ווערט דורך די שפּינאָזע־געזעלשאַפט אין דער וועלט רעאַליזירט אַן אַלטער חלום זייערער. אין יענעם יאָר גיט זיך זיי איין צונויפזאַמלען גענוג פאָנדן אויף אָפּצוקויפן דאָס 300 יאָר אַלטע הויז אין האַאַג, פּאַוויליאָנסגראַכט נומער 32, וואו שפּינאָזע האָט פאַרענדיקט די לעצטע זעקס יאָר פון זיין לעבן. ס'ווערט אינעם הויז איינגעשטעלט אַ שפּינאָזע־מוזעי. און דאָס בוידעמשטיבל דאָרטן, וואו שפּינאָזע האָט געלעבט, געאַרבעט און געשאַפן זיינע אומשטערבלעכע ווערק, ווערט צוריק רעסטאַווירט פונקט ווי אין שפּינאָזעס צייט. זיין בעט, די עטלעכע אָרעמע שטיקלעך מעבל, אַפילו זיין ווערקשטעל, אויף וועלכן ער האָט געשליפט זיינע אָפּטישע גלעזער. דער עיקר זעט זיך אָן זיין שענקל מיט ביכער, דאָס איינציקע „רייכטום", וואָס ער האָט פאַרמאָגט: קודם עטלעכע תנ"כן מיט מפרשים,

די ווערק אויף העברעאיש פון אברהם אבן עזרא, רלב"ג און רמב"ם, לאַטיינישע און גריכישע ווערטערביכער און גראַמאַטיקעס, די שפּאַנישע קלאַסיקער, בענדער וועגן אַסטראָנאָמיע, אַנאַ־טאָמיע, פיזיק, וועגן אָפּטיקס און צו שלייפן לענזן, און דער עיקר די שריפטן פון זיינע באַליבטע מייסטערס — אַריסטאָטל, בעיקאָן און דעקאַרט. דאָס הויז הייסט איצט „דאָמוס ספּינאָזאַנאַ" (שפּינאָזע־הויז) און ווערט אָנגע־פירט דורך אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָמיטעט. אַ־ן זינט דעמאָלט אָן איז מען פון אַלע ווינ־קעלעך אין דער וועלט עולה רגל צום „דאָמוס ספּינאָזאַנאַ" אין האַאַג.

***

עטלעכע ווערטער איצט וועגן די אמתע מאָ־טיוון, וואָס האָבן דערפירט די קהלה־עלטסטע אין אַמסטערדאַם אָנצואווענדן קעגן יונגן שפּי־נאָזע די האַרבסטע שטראָף אין יענער צייט — דעם חרם, און צי האָט שפּינאָזע אָט־די מאָטיוון עווענטועל אַליין אויך אָנערקענט.

מאַראַנען לויפן פון דער אינקוויזיציע. זיי ראַטעווען זיך קיין האָלאַנד, דאָס זיכערסטע אַנטרינונגס־אָרט פאַר זיי דעמאָלט. ס'האָט אבער אַ שפּאַר ביסל פונעם פינצטערן קאַטוי־לישן פאַנאַטיזם, פון וועלכן זיי ראַטעווען זיך קוים מיטן לעבן, זיך צוגעקלעפּט אויך צו די קרבנות זיינע — צו די מאַראַנען. אַמסטערדאַם

איז פאַר זיי ניי־ירושלים. די עלטסטע פון דער קהלה דאַרפן האַלטן אַן אויג מ׳זאָל נישט דער־צערענען די קריסטלעכע מאַכט, וואָס באַציט זיך צו די פרעמדע יידן מיט חסד, טאָלערירט זייער רעליגיע און גיט זיי אַ פרייע האַנט אינעם עקאָנאָמישן לעבן פונעם לאַנד. ציטערן זיי, אַז דעם יונגן שפינאָזעס פרייע געדאַנקען זאָל זיי נישט אַמאָל אַריינשלעפן אין אַ צרה. גראָד האָט אין יענער צייט דער קירכן־ראַט אַרויסגעגעבן אַ פאַרדאַמונג קעגן דער פילאָזאָפיע פון שפינאָזעס פאָרגייער, דעקאַרט. אייפערדיקע וועכטער פון דער סטאַדע דאַרפן קאָנען דערשנאַפּן אַ ווייטע געפאַר באַצייטנס. געזען פון אָט דעם קוק־ווינקל, איז אָט דאָס דראַסטישע מיטל קעגן שפינאָזען, דער חרם, געווען שוין מער ווי אַן אַקט פון בלויז בלינדן פאַנאַטיזם. נאָר דערצו אויך אַ פאָרטל אָפּצושניידן דעם יונגן דענקער פון דער אידישער עדה, און דערמיט אַראָפּ־וואַרפן פון זיך די אחריות פאַר שפינאָזעס פרייע געדאַנקען.

און — שפינאָזע?

שפינאָזעס מאָטאָ: נישט וויינען, נישט לאַכן, נאָר פאַרשטיין! — איז, ווי באַוואוסט, געווען דער וועגווייזער זיינער אין זיין פילאָזאָפיע, ווי אין זיין לעבן. ס׳איז זעלטן צו טרעפן נאָך אַ דענקער, ביי וועמען ווערטער און מעשים זאָלן אַזוי גיין האַנט אין האַנט, זאָלן אַזוי האַרמאָ־

נירן ווי ביי שפינאָזען, לייגט זיך דעריבער אויפן שכל, אַז נאָכן פאַרלויף פון יאָרן זאָל ער אויך צו דער אַמסטערדאַמער קהלה פּרובירן אָנ־ווענדן דעם דאָזיקן פּרינציפּ — נישט ווייגען, נישט לאַכן, נאָר פאַרשטיין, — וועלכער איז אַ גרונטשטיין אין זיין פילאָזאָפישן סיסטעם. און פאַרשטיין איז — פאַרגעבן. דאַרף מען באַקאַנט זיין מיט דער שפינאָזע־פּערזענלעכקייט, ווי מיט זיין גאַנצן געדאַנקען־גאַנג, וועט גרינג זיין אייַנ־צוזען, אַז די אַרויסגעזאָגטע השערה דאָ האָט אונטער זיך אַ רעאַלן פונדאַמענט. (אגב, האָט שפינאָזע אליין דעם חרם קיינמאָל נישט באַרירט — נישט אין זיינע ווערק און נישט אין זיין ברייט־פאַרצווייגטער קאָרעספּאָנדענץ).

די סאַמע נייעסטע אַנטוויקלונג אַרום דעם שפינאָזע־חרם איז פאָרגעקומען אָט ערשט גאָר לעצטנס. די היגע יידישע צייטונגען האָבן גע־האַט צוויי שטיקלעך נייעס, וואָס האָבן אַריינ־געשריבן אַ ביי וויכטיק בלאַט אין דעם אַנגע־ווייטיקטן ענין.

דאָס ערשטע שטיקל נייעס איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן יוני 14, 1956:

„ירושלים. ישראל־סעקטאָר, יוני 13. — אַ ישראל־שיף מיט אַ גראַניט־שטיין איז אָפּגעפאָרן פון חיפה קיין האָלאַנד. דער דאָזיקער שטיין וועט גענוצט ווערן פאַר אַ מצבה, וואָס וועט אַוועקגעשטעלט ווערן אויפן קבר פון ברוך שפינאָזע. דער באַרימטער פילאָזאָף איז געשטאָרבן

אין 1677 און איז באַערדיקט געוואָרן אויף אַ בית־עלמין אין האַאַג".

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, סעפּטעמבער 8, 1956, לייענען מיר אָט דאָס צווייטע שטיקל נייעס:

„האַאַג, האָלאַנד, סעפּ. 5 (איטא) — אַ נייע מצבה אויפן קבר פון ברוך שפּינאָזע, לעבן דער נייער פּראָטעסטאַנטישער קירך אין האַאַג, איז היינט אויפגעדעקט געוואָרן אין דער אָנוועזנהייט פון ישראל־געזאַנדטן דר. עזרא יאָראן. אָבער קיינער פון די האָלענדיש־יידישע פירער האָט זיך אין דער צערעמאָניע נישט באַטייליקט.

„די מצבה שטעלט מיט זיך פאָר אַ שוואַרצן באַזאַלט־שטיין פון גליל מיט אַן אויפשריפט אין העברעאיש ,עמך'. מ. ראַוויטש פון חיפה האָט געלייענט אַ דעקלאַראַציע אין העברעאיש אין שייכות מיט דער צערעמאָניע".

איז זיכער אַ שאָד, נאַטירלעך, וואָס די צוויי מאָגערע ברעקלעך נייעס האָבן נישט אָנגעגעבן מער פּרטים. מיט קיין איין וואָרט אַפילו נישט אָנגעדייט, אַז דאָס איז דער אויפטו פון דער שפּינאָזע־געזעלשאַפט אין דער ישראל מדינה. ס'האָט זיך אויך געבעטן כאָטש מיט עטלעכע ווערטער איבערצוגעבן דעם תוך פון דער דעקלאַראַציע, וואָס איז פאָרגעלייענט געוואָרן ביי שפּינאָזעס קבר (אָדער סימבאָלישן קבר). פון דער אַנדערער זייט רעדט דאָס איינציקע וואָרט, וואָס איז אויסגעקריצט אויף דער מצבה — „עמך" (דיין פאָלק) — געגוג שוין פאַר זיך אַליין, אַז מ'דאַרף שוין נישט מער. פּונקט צו די דריי הונדערט יאָר פונעם חרם אויף שפּינאָזען

ווערט דורך דעם „בית שפינוזה" אין ישראל, פאַר דער גאַנצער וועלט פּראָקלאַמירט: אחינו אתה — ביזט געווען און ביזט פאַר־בליבן אַ קינד פון דיין פאָלק (עמך).

ווערט אין פאַרבינדונג מיט אָט דעם אַקט פון היסטאָרישער גערעכטיקייט, דורך דער שפּינאָזע געזעלשאַפט אין דער יונגער יידישער מדינה, אַקעגן דעם באַעוולהטן פילאָזאָף אונדזערן, כדאי זיין דאָ צו נאָטירן דעם נישט צו־באַקאַנטן פאַקט, אַז שפּינאָזע האָט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק פאָראויסגעזאָגט דעם ווידערגעבורט פון יידישן פאָלק. אָנווייזנדיק אינעם דריטן קאַפּיטל פונעם „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַק־טאַט" אויף די סיבות פאַרוואָס די יידן האָבן באַוויזן זיך אויפצוהאַלטן אין משך פון אַזאַ לאַנגן גלות, זאָגט דאָרטן שפּינאָזע: „איך האַלט פאַר זייער מעגלעך, אַז זיי (די יידן) זאָלן ביי אַ גינציגער געלעגנהייט — די מענטש־לעכע פאַרהעלטענישן בייטן זיך דאָך — נאָך אַמאָל צוריק אויפריכטן זייער אַמאָליקע מלוכה, און אַז גאָט זאָל זיי פון דאָס ניי אויסוויילן".

.2

## שפינאָזע און זיין פילאָזאָפיע

פאַראַן אַן אַלט־אַנגענומענער כלל:
ווילסטו דעם דיכטער פאַרשטיין —
מוזטו אין זיין לאַנד גיין!

— אָט דער אויסגעפּרואוועטער אמת איז אפשר נאָך מער אָנגעמאָסטן אויפן פילאָזאָף, ווי אויפן פּאָעט. שפינאָזע, ווי יעדער אַנדער באַדייטנדי־קער פילאָזאָף, דער פאַרצייטיקער ווי דער היינטצייטיקער, האָט נישט אויסגעשפּונט זיין פילאָזאָפישן סיסטעם ערגעץ אין דער לופטן, אָן שום אָנהאַלט אין די רעאַלע באַדערפענישן פון זיין צייט. ער האָט זיך נישט געחקירהט אַזוי גלאַט צוליב חקירה וועגן, אָפּגעריסן פון דער רעאַליטעט, בפרט פון דער רעאַליטעט אין זיין צייט און אָרט. ווי ס׳איז דער פאַל מיט אַנדערע גרויסע דענקער, האָט אויך זיין פילאָזאָפיע אויסגעפילט אַ באַשטימטע סאָציאַלע פונקציע.

שפינאָזע איז געווען פון יענע געציילטע פער־זענלעכקייטן, וואָס די געשיכטע האָט אים מיט

דריי הונדערט יאָר צוריק אָנפּאַרטרויט אירע סאַמע פאַרבאָרגנסטע טרוימען און פאַרלאַנגען. ער צייכנט מיט זיך אָן די באַפרייאונג פונעם מענטשלעכן געדאַנק פון זיינע מיטלאַלטערלעכע פענטעס. אין אָט דעם זין איז ער אַוועק אַ היפשן שריט פאָראויס פון זיין פאָרגייער דעקאַרט, דער ערשטער, וואָס האָט אָפּגעבראָכן מיט דער מיטל־אַלטערלעכער סכאָלאַסטיק. דער מיטלאַלטער האַלט אין אָפּטרעטן, און אַ נייע עפּאָכע אין דער מענטשלעכער געשיכטע הייבט זיך אָן, אַנט־פּלעקנדיק נייע אינטעלעקטועלע האָריזאָנטן און ברענגענדיק אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן שיכט צו דער אייבערפלאַך.

אין זיין פּראָגרעסיוון באַגינען שטייט דעמאָלט דער דאָזיקער נייער קלאַס, די בורזשואַזיע, אין אַ כמעט טעגלעכן קאַמף אַנטקעגן דער קאַטוי־לישער היעראַרכיע, אַנטקעגן די פעאָדאַלע פּרי־ווילעגיעס און אַנטקעגן פּאָליטישן אַבסאָלוטיזם. אין דעם דאָזיקן קאַמף אירן אַנטקעגן אויטאָרי־טעט, ווערט אַלץ מערער אַרויסגערוקט די ראָלע פונעם יחיד, פון דער פערזענלעכקייט. דער שכל, דער אינטעלעקט קריגט אַלץ מערער די אייבער־האַנט. שפּינאָזע ווערט דער וואָרטזאָגער פאַר אָט דעם אויפשטייגנדיקן רעוואָלטירנדיקן מיטקלאַס אין זיין לאַנד, האָלאַנד, ווי פון אייראָפּע בכלל.

איינער פון די שטריכן פון יענעם סאָציאַלן פאָראויסמאַרש איז געווען דער נייער בירגער־

לעכער הומאַניזם מיט זיינע וועלטלעכע אינטע־
רעסן, שטעלנדיק זיך אַנטקעגן דעם מיסטיציזם
און אַ יענער־וועלט. האָלאַנד, וואוהין די שפּי־
נאָזע־פאַמיליע האָט זיך געראַטעוועט פון דער
שפּאַנישער אינקוויזיציע, ווי אַ סך אַנדערע מאַ־
ראַנען, איז געווען דעמאָלט די פעסטונג פונעם
פּראָטעסטאַנטיזם און האָט געפירט אַ מעכטיקן
קאַמף קעגן דער קאַטויל־שער אינקוויזיציע. איי־
נע פון די סאַמע ערשטע איינגעגעבענע בירגער־
לעכע רעוואָלוציעס קומט פאָר אין האָלאַנד,
אַזוי פרי ווי אין 1588. אין 17טן יאָרהונדערט
איז האָלאַנד געווען דער צענטער פון קאַפּיטאַ־
ליסטישער דערגרייכונג. די מלחמה קעגן דער
פינצטערער קאַטוילישער שפּאַניע, וועלכע האָט
זיך דאָרט געצויגן יאָרנלאַנג, ווערט פאַרענדיקט
אין 1648, ווען די זיבן נידערלענדישע פּראָווינצן
דערקלערן זייער אומאָפּהענגיקייט פון שפּאַניע.
האָלאַנד פאַרמאָגט דעמאָלט אַ גרויסן קאָמער־
ציעלן פלאָט, זי איז דער צענטער פון וויסנ־
שאַפטלעכן פּראָגרעס. אין האָלאַנד ווערט דער־
פונדן דער טעלעסקאָפּ און דער מיקראָסקאָפּ.
אַנדערע גרויסע אַנטדעקונגען אין דער נאַטור־
וויסנשאַפט מאַכן דאָס קליינע לאַנד באַרימט. און
באַנאַנד דערמיט צייכנט זיך דעמאָלט האָלאַנד
אויס אין דער פּלאַסטישער קונסט. די פלעיאַדע
גרויסע מאָלער מיט רעמבראַנדט; בראש מאָלן
די סוחרישע גילדעס, די שטאָט־טאַטעס. זיי

מאָלן דעם הינטערגרונט פון די פּראָספּערירנ־דיקע, רייכע היימען פון די אויפגעקומענע גבי־רים. דערביי ווערט אויך אידעאַליזירט דאָס פּשוטע טאָג־טעגלעכע לעבן און דער האַנדל־וואַנדל. דאָס איז געווען דאָס יאָרהונדערט פון רעאַליזם. די ניכטערע פּראָטעסטאַנטישע גע־שעפטסלייט אייגענען זיך צו, אויף זייער איי־גענעם שטייגער, די גרויסע אויפטואונגען פונעם רענעסאַנס.

אָט די אַלע גרויסע ענדערונגען האָבן רעוואָ־לוציאָנירט יעדע פאַזע פון אידעאָלאָגיע, בפרט זיין דער רעליגיע און פילאָזאָפיע. אין דער פי־לאָזאָפיע האָט זיך ספּעציעל געפאָדערט אַן אויס־געהאַלטענע טעאָריע וועגן דער נאַטור און דעם לעבן, וואָס זאָל ווי אַן איינציקע, ראַציאָנעלע גאַנצקייט, זיין ביכולת אַריבערצושפּרייזן איבער דעם זיך וואַקלענדיקן דואַליזם פון דעקאַרטן, ד. ה., אַזאַ טעאָריע, וואָס זאָל קאָנען בייקומען דעקאַרטס פּרינציפּ וועגן צוויי באַזונדערע סובּ־סטאַנצן — אַ מאַטעריעלע און אַ גייסטיקע סובסטאַנץ. די דאָזיקע פּראָבלעם ווערט דורך שפּינאָזען געלייזט אויף זיין חריפותדיקן שטיי־גער. שפּינאָזע איז אויך געווען איינער פון די פּאָרלויפער פון יענער גרויסער באַפרייענדיקער באַוועגונג אין אייראָפּע מיט אַ הונדערט יאָר שפּעטער — די א ו י פ ק ל ע ר ו נ ג.

אָט ווי מילנער, אַן ענגלישער היסטאָריקער

פון פילאָזאָפיע, האָט דעפינירט שפינאָזעס רע־וואָלוציאָנערע ראָלע אין דער פילאָזאָפיע פון יענער צייט:

„אינעם סאַמע באַגינען פון דער מאָדערנער צייט האָט שפינאָזע אויפגעהויבן די הייליקע פאָן אין דער שלאַכט פאַר וויסנשאַפט אַנטקעגן פינצטערניש און אָבסקוראַנטיזם, און אין משך פונעם גאַנצן קורצן לעבן זיינעם האָט ער הויך געהאַלטן די דאָזיקע פאָן פון מענטשלעכן פראָ־גרעס".

שפינאָזע איז געווען דער ערשטער פילאָזאָף אין דער נייער צייט, וואָס האָט אין יעדן צווייג פונעם דענקען מיט פולשטענדיקער אויסגעהאַל־טנקייט אָפּגעוואָרפן די טעלעאָלאָגישע קאָנצעפּ־ציע*), אַז די וועלט ווערט קאָנטראָלירט דורך איבערנאַטירלעכע הימלישע כוחות; מיט אוי־סערגעוויינלעכער טיפקייט און איבערצייגונגס־קראַפט האָט ער אויפגעוויזן, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום טראַנסצענדענטאַלע כוחות, וואָס פירן אָן מיט דער וועלט, אַז ס'איז אין דער וועלט נישטאָ אַ מין העכערער שכל, וואָס פירט אין

*) טעלעאָלאָגיע (פונעם גריכישן וואָרט טעלאָס, וואָס מיינט ציל, פאַרענדיקטקייט), איז די קאָנצעפּציע, לויט וועלכער אַלצדינג, וואָס קומט פאָר אין דער וועלט, איז אַ פּראָדוקט פון אַ פאָראויסבאַשטימטן פּלאַן. ווי אַ כלל ווערט, לויט דער לערע, יעדע פאָראויסבאַשטימונג דער־קלערט ווי אַן אַקט פון גאָט.

איר אַדורך זיינע צילן; אַז די וועלט קאָן און דאַרף פאַרשטאַנען ווערן דורך זיך אַליין; אַז די נאַטור איז דורך קיינעם נישט באַשאַפן געוואָרן, און אַז אַלצדינג אין דער וועלט געשעט דורך נויטווענדיקע געזעצן. ער האָט זיך אָקעגנגעשטעלט דער טעאָריע וועגן אַ יענער־וועלט, וועלכע איז אַ מין העכערע מדרגה ווי די־וועלט. פאַר אים האָט עקזיסטירט אײן וועלט בלויז. ער האָט דעריבער אָנשטאָט אַ צווייענדיקע וועלט — איינע אַ גייסטיקע און די אַנדערע אַ מאַטעריעלע — אַוועקגעשטעלט די נאַטור גופא אין איר פולשטענדיקייט און גאַנצקייט מיט אַלץ מיט אַנאַנדער אין איר — דער מענטש איינגערעכנט; די נאַטור — איין סובסטאַנץ — ווי די איין און איינציקע סיבה פאַר אַלצדינג אין דער וועלט. דערמיט האָט ער פולשטענדיק בייגעקומען דעקאַרטס דואַליזם, ד. ה., זיין טעאָריע וועגן דער עקזיסטענץ פון צוויי סובסטאַנצן.

די ירושה, וואָס דעקאַרט האָט איבערגעלאָזט דער וועלט איז נישט בלויז באַשטאַנען דערין, וואָס ער איז געווען דער ערשטער צו שאַפן אַ פילאָזאָפיע פאַר דער מאָדערנער וויסנשאַפט, נאָר אויך דאָס, וואָס ער האָט אַחוץ דער מאַטעריעלער וועלט אַריינגעפירט נאָך אַ וועלט — די וועלט פון גייסט, וועלכע איז עקשנותדיק געשטאַנען דרויסן פון דער מאַטעריעלער וועלט

און זיך איר אַקעגנגעשטעלט. דאָס איז געווען דעקאַרטס אַ קאָנצעפּסיע דעם טראַדיציאָנאַליזם. וואָרום ער איז נישט געווען דער מענטש צו פאַרפירן אַן אָפענעם קאַמף מיט די באַלעבאַטים פון לעבן. נישט קוקנדיק דערויף האָט זיין פילאָזאָפיע באַטייט אַ פולשטענדיקן איבערבראָך מיט דער מיטלאַלטערלעכער וועלט, זי איז פאַקטיש געווען די פילאָזאָפיע פון דער ניי־אויפשטייגנדיקער וועלט פון מסחר, פון האַנדל־וואַנדל, וועלכע האָט געפירט דעמאָלט אַ מלחמה מיטן פעאָדאַליזם, ביז איר פינאַלן זיג. דאָס איז געווען אַן עפּאָכע פון אָפּטימיזם. די נאַטור נעמט גאָר אַנדערש אויסקוקן ווי ביז איצט. זי איז מער פאַרלאָזלעך און פערפעקט.

האָט שפינאָזע פון איין זייט פולשטענדיק אַקצעפּטירט דעקאַרטס ראַציאָנאַליסטישע קאָנצעפּציע אין דער פילאָזאָפיע, תמיד צו זוכן דעם אמת, אויפן גרונט פון קלאָרע אידעיען און אויסצומיידען מבולבלדיקייט דורך שכלדיקע מאַטעמאַטישע אויפווייזן (מאַטעמאַטיק איז אין 17־טן יאָרהונדערט געווען די איינציקע וויסנשאַפט, וועלכע האָט מיט רעכט געקאָנט טראָגן דעם דאָזיקן נאָמען), און פון דער אַנדערער זייט איז ער ווייט אַוועק פון דעקאַרטס רויען דואַליזם. ער האָט אָבער אויך נישט מסכים געווען מיט יענע וואולגאַרע מאַטעריאַליסטן אין זיין צייט, ווי גאַסענדי און דע־ראַי, מיט דעם, וואָס זיי

האָבן לחלוטין איגנאָרירט די וועלט פון גייסט, דערקלערנדיק, אַז ס׳איז נאָר דאָ איין וועלט — די וועלט פון נישט־דענקענדיקער מאַטעריע. אויך אָט־די קאָנצעפּציע קאָן שפּינאָזע נישט אָננעמען.

שפּינאָזע נעמט זיך צו אַנטוויקלען, צו פאַר־טיפן און דורכצואַרבעטן זיין וועלט־באַנעם ביז ער קומט צום גערדאַנק, אַז די וועלט באַשטייט פון איין סובסטאַנץ בלויז, און דאָס איז דער אוניווערס, די נאַטור, און זי ווידער, די נאַטור, פאַרמאָגט צוויי פּאָזן, אָדער ווי ער רופט עס אָן, צוויי אַטריבוטן — אויסגעשפּרייטקייט (מאַטעריע) און דענקען. אָט דער עלעמענט אין שפּינאָזעס געדאַנקען־גאַנג, וועלכער איז דער סאַמע תוך, דער צענטראַלער פּונקט אין זיין פילאָזאָפיע, קאָן סומירט ווערן אויף אָט אַזאַ אופן: מאַטעריע עקזיסטירט אין שטח (ד. ה., זי איז אויסגעשפּרייט) און די דאָזיקע אויסגע־שפּרייטע מאַטעריע דענקט. צו נוצן שפּי־נאָזעס סכאָלאַסטישע טערמינאָלאָגיע הייסט עס אַזוי: פאַראַן בלויז איין סובסטאַנץ (די נאַטור), פון וועלכער דעם מענטשן זענען באַקאַנט בלויז צוויי אַטריבוטן — מאַטעריע און גייסט.

אויף דער שפּראַך פון געאָמעטריע, אויף וועל־כער זיין קרוין־ווערק, די „עטיק״, איז געבויט, מיינט עס אָט־וואָס: פּונקט ווי אַ קרומע ליניע האָט אַ רונדע און אַ האַלב־רונדע זייט, אָט אַזוי

האָט סיי יעדער באַזונדערער טייל פון דער רעאַלקייט, אַזוי גוט ווי די רעאַלקייט אין איר פולער גאַנצקייט אַ פיזישע אַזוי גוט ווי אַ גייסטיקע זייט. צוויי זייטן פון איין מטבע. די וועלט ווערט אַזוי נאָך באַנומען מאָניסטיש, ווי איין פסיכיש־פיזיש סיסטעם און נישט ווי צוויי (ווי ביי דעקאַרטן). נישטאָ קיין דענקען, קיין גייסט, אָן דער צווייטער פיזישער העלפט, און נישטאָ קיין מאַטעריע אָן איר צווייטער גייסטיקער העלפט.*) די היינטצייטיקע וויסנשאַפט נעמט אָן דעם ערשטן טייל פון אָט דער הנחה — וואָרום, ווי קאָן דען געמאָלט זיין צו דענקען אָן אַ מאַרך (מאַטעריע), וואָס דענקט: זי האָט אָבער נישט אַקצעפּטירט די צווייטע העלפט פון דער הנחה, מחמת דעם, וואָס אין

*) ס'דאַרף דאָ דערביי נאָטירט ווערן, אַז מיט דער דאָזיקער מאָניסטישער לייזונג זיינער פונעם גרונט־פּראָבלעם אין יעדן פילאָזאָפישן סיסטעם, דורך זיין אידענטיפיצירן מאַטעריע און גייסט, ווי, למשל, די איינהייט פון גייסט און קערפּער ביים מענטש, און אויך מיט זיין לערע (אין דער „עטיק") וועגן די אַפעקטן (די מענטשלעכע עמאָציעס, ליידנשאַפטן) — אַ ביז איצט אומאיבערגעטראָפענער אַנאַליז, לויט זיין טיפקייט און קראַפט פון איבערצייגונג, וועגן מעכאַניזם פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט — אַז מיט אָט די צוויי טעאָריעס זיינע האָט שפינאָזע געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער מאָדערנער, היינטצייטיקער פסיכאָלאָגיע.

דער נאַטור איז דאָך אויך פאַראַן אַזאַ מאַטעריע, וואָס דענקט נישט.

שפינאָזע, אַ קינד פון זיין צייט, האָט דאָך נישט געקאָנט נאָך וויסן דאָס, וואָס די נאַטור־וויסנשאַפט האָט ערשט מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר שפּעטער אויסגעפונען, אַז מאַטעריע — דער אוניווערס און אַלצדינג אין אים — האָט אַדורכגעמאַכט אַ לאַנגן וועג פון עוואָלוציע. ער האָט אין זיין צייט דעריבער, נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן אַ פּעריאָד, ווען לעבן און גייסט האָבן אינגאַנצן זיך נאָך אַפילו נישט געהאַט אויסגעשיילט.

דורכאַרבעטנדיק דעם דאָזיקן בליק זיינעם, זוכט אָבער שפּינאָזע צו דעררווייזן, אַז ס׳איז דאָ אַ היפּשער מהלך צווישן דעם גייסט פון נידעריקע באַשעפענישן און דעם מענטשן. דאָס דענקען ביי אַ נידעריק באַשעפעניש איז שטאַרק באַגרעניצט, מחמת דער באַגרעניצטקייט פון זיין נערוון־סיסטעם, און ווייטער איז דעם מענטשנס גייסט אָפּהענגיק אין זיינע פיזישע טואונגען און אַקטיווויטעטן. דאָס מיינט, אַז גייסטיקע אַנטוויקלונג איז געקנופּט און געבונדן מיט פיזישער אַנטוויקלונג.

דעם אוניווערס, די וועלט, זעט שפּינאָזע ווי אַ ראַציאָנעלע, שכלדיקע גאַנצקייט. קודם־כל זעט ער נישט דעם אוניווערס ווי טויטע מאַטעריע, וועלכע איז דער פּראָדוקט פון אַ באַשעפער, וואָס

געפינט זיך דרויסן פון דער וועלט און איבער איר, נאָר ווי אַ לעבעדיקן, זיך זעלבסט באַשאַפנ־דיקן אוניווערס. פאַראַן, האַלט ער, בלויז איין איינציקע אוניווערסאַלע סובסטאַנץ, און שפּי־נאָזעס גרויסער געדאַנק דאָ איז, אַז זי איז זעלבסט־עקזיסטירנדיק, אַז נישט זי דאַרף און נישט זי נייטיקט זיך אין דרויסנדיקער הילף. זי איז איר אייגענע סיבה.

אָט די אידעיע, אַז קיינער האָט די נאַטור, אָדער די וועלט, נישט באַשאַפן, נאָר אַז גאָט און נאַטור זענען אידענטיש, איינס און דאָס זעלבע, אַז ער איז נישט דרויסן פון איר, אָדער איבער איר, און אַז גאָט איז דעריבער אונטערגעוואָרפן די זעלבע געזעצן ווי די גאַנצע נאַטור אין וועל־כער ס׳הערשט אַ שטרענגע קאַוזאַליטעט — אָט דער סאָרט פּאַנטעאיזם שפּינאָזעס האָט אַריינ־געוואָרפן אין גרויס גרימצאָרן נישט נאָר די קאַטוילישע יעזואיטן, נאָר אויך די יידישע טעאָלאָגן, ווי די טעאָלאָגן פון דער פּראָטעס־טאַנטישער רעפאָרמאַציע.

נאָענט פאַרבונדן מיט שפּינאָזעס קאָנצעפּציע וועגן דער וועלט ווי אַ פּערפעקטע ראַציאָנעל־שכלדיקע גאַנצקייט, איז דער באַגריף, אַז בעת די גאַנצקייט אירע ענדערט זיך נישט, גייען אָבער אין איר אינעווייניק יאָ אָן ענדערונגען. דער־מיט האָט ער פאָראויסגעזען, מיט הונדערטער

יאָרן פאַראויס, דעם סאַמע וויכטיקסטן פיזישן געזעץ, אַז כאָטש די טאָטאַלע סומע פון דער ענערגיע אינעם אוניווערס בלייבט תמיד אומ־פאַרענדערט, אַז קיין זאַך אין דער נאַטור גייט נישט פאַרלוירן, האַלט אָבער די דאָזיקע ענערגיע כסדר אין איין בייטן איר פאָרם. אָט אַזוי איז יעדער נאַטור־פענאָמען, ווי אַ שטייגער דאָס ברענען פון קוילן, דאָס לויפן פון וואַסער, דער אויפבוי פון שפּייז דורך פלאַנצן מיט דער הילף פון זון־ליכט, דאָס פאַרדייען און אַסימילירן שפּייז דורך לעבעדיקע באַשעפענישן, עלעקטריק, ליכט, קלאַנג און דעסגלייכן — אַז אַלע זענען זיי ענערגיע־טראַנספאָרמירונגען, אין וועלכע קיין שום ענערגיע קומט נישט אַריין אינעם אוניווערס פון ערגעץ־אַנדערש, וואָס איז דרויסן פונעם אוניווערס, און קיין שום ענערגיע גייט נישט פאַרלוירן.

דער אוניווערס באַשטייט פון אָרגאַניזמען, אָדער סיסטעמען פון אָרגאַניזמען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ קאָמבינאַציע פון מאַטעריע און ענערגיע, און וועלכע האַלטן זיך אויף אויף דער וועלט ווי באַזונדערע קערפּערס פאַר אַ באַגרע־ניצטער צייט. דאָס פאַסירט, לאָמיר זאָגן, מיט אַ שטראָמיקן טייך, אָבער פּונקט אַזוי געשעט עס מיט יעדער לעבעדיקער זאַך, פונעם מינדסטן גרעזל ביזן מענטש. ווייטער האָט יעדער איינצל־נער טייל אין דער נאַטור, אָדער יעדער אינדי־

וויד זיינס אַן אייגענעם ציל און תכלית אין לעבן, וועלכע ער שטרעבט אָנצוהאַלטען און וויל, זיי זאָלן דערפילט ווערן.

אָט־דאָס זענען די הנחות, וואָס פון זיי פליסט אַרויס שפינאָזעס עטיק, וועלכע האַלט זיך אויף דער אידעיע, אַז דער מענטש איז פולשטענדיק און אינגאַנצן איינגעשלאָסן אינעווייניק אינעם סיסטעם פון דער נאַטור. די נאַטור־געזעצן קאָנ־טראָלירן דעם מענטשנס טואונגען און זיין גורל אויף דער ערד, און אַלצדינג, וואָס נאָר ער טוט, טוט ער נישט דערפאַר ווייל ער איז מיט עפּעס־וואָס פאַרפליכטעט צו אַ וואָסערע ס׳איז ספּירי־טועלע, גייסטיקע כוחות אָדער פּרינציפּן, וואָס געפינען זיך דרויסן פונעם איין־און־איינציק; נאַטור־סיסטעם. עטיש קאָן, דעריבער, דער מענטש ניט זיין אונטערגעוואָרפן צו אַ מאָראַלן אימפּעראַטיוו, וואָס דער אָפּשטאַם זיינער איז דרויסן פון דער נאַטור.

איז דערפון געדרונגען, אַז דער מענטש איז נישט פריי צו טון אַלצדינג, וואָס נאָר ס׳קאָן אים איינפאַלן. פרייער ווילן איז, בכן, אַן אילוזיע. וואָרום אויב דער מענטש וואָלט פריי געווען צו טון, וואָס נאָר ס׳וואָלט זיך אים געגלוסט, וואָלט ער דאָך נישט געווען מער קיין טייל פון דער נאַטור. די איינציקע פרייהייט, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט יאָ איז זיך אויסצולערנען צו דער־קענען, צו פאַרשטיין די נויטווענדיקייט, ד. ה.,

די געזעצן, וואָס אָפּערירן אין דער נאַטור. נויט־
ווענדיקייט ווידער איז בלינד אויף אַזוי פיל,
אויף וויפיל זי ווערט נישט פאַרשטאַנען. וואָס
מערער, אָבער, דער מענטש הייבט אָן צו פאַר־
שטיין דעם דעטערמיניזם, וואָס הערשט אין
דער נאַטור, אַלץ מערער ווערט דער מענטש
פריי צו קאָנען אויסנוצן אויף אַ סיסטעמאַטישן
אופן די נאַטור־געזעצן פאַר זיינע באַשטימטע
צילן און צוועקן. די אמתע באַפרייאונג פונעם
מענטשנס טואונגען דריקט זיך, בכן, אויס אין
דעם, וואָס דער מענטש ווערט באַוואוסטזיניק
וועגן זיין סובאָרדינירטקייט צו דער דרויסנדי־
קער נאַטור אַזוי גוט ווי צו זיינע עמאָציעס. איז
אויף וויפיל אַ מענטש קומט צו דער מדרגה ווען
ער קאָן דירעקטירן זיינע טואונגען דורך ראַ־
ציאָנעלע, שכלדיקע מאָטיוון און נישט דורך די
כסדר זיך בייטנדיקע עמאָציעס, אויף אָט אַזוי
פיל הערט ער אויף צו זיין אַ שקלאַף צו זיינע
עמאָציעס (ליידנשאַפטן) און ווערט אַלץ מערער
זייער באַהערשער, ד. ה., ער ווערט אַלץ מערער
און מערער פריי.

ווייטער: טוגנד, גוטע מידות, מיינט צו טון
דאָס, וואָס שטימט מיט די געזעצן פון אונדזער
אייגענער נאַטור, אויף וויפיל אַ זאַך האַרמאָ־
נירט, שטימט זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור,
אויף אָט אַזוי פיל איז זי גוט. „גליקלעכקייט",
זאָגט שפּינאָזע אין דער „עטיק", „באַשטייט אין

דעם מענטשנס מאַכט צו פּרעזערווירן זיין איי־
גענעם זיין. וואָס מערער ער שטרענגט זיך אָן
און איז בכוח צו זוכן דאָס, וואָס ס׳איז פאַר
אים ניצלעך, אַלץ מערער איז ער באַשענקט
מיט טוגנד״.

טוגנד, בכן, איז מאַכט, די מאַכט צו קערעווען
דעם אייגענעם גורל. ווייטער זאָגט שפּינאָזע:
„אונטער גוט פאַרשטיי איך דאָס, וואָס מיר
ווייסן מיט זיכערקייט, אַז ס׳איז פאַר אונדז
ניצלעך״... „מיר באַגערן נישט אַ זאַך דער־
פאַר, ווייל זי איז גוט; זי איז גוט, ווייל מיר
באַגערן זי״.

שפּינאָזע וואַרפט אַבסאָלוט אָפּ יעדן מין
אַסקעטישע, לעבנס־פאַרלייקענעדיקע אידעיען,
וועלכע זענען געווען די הערשנדיקע אידעיען
אינעם מיטלאַלטער, נישט נאָר ביי יידן, נאָר
אויך ביי קריסטן. וואָס מערער אָפּקומען אויף
דער וועלט, וועלכע איז דאָך נישט מער ווי אַ
פּרוזדור (אַ פעדער־הייזל) צו דער אמתער וועלט.
זעלבסט־פּייניקונג, פאַסטן יעדן מאָנטיק און
דאָנערשטיק, כדי בעסער באַלוינט צו ווערן אויף
יענער־וועלט, איז געווען דער העכסטער אידעאַל.
אָבער שפּינאָזעס קאָנצעפּציע וועגן דעם מענטשן
איז לחלוטין אַנדערש געווען ווי די פון רעליגיע.
ניין, די וועלט איז נישט קיין יאָמער־טאָל, און
דעם פרייען מענטש קאָן מען נישט אָפּקויפן מיט
אַ צוזאָג פון גן־עדן אויף יענער־וועלט, אָדער

אָפּסטראַשען מיט גיהנום. „אַ פרייער מענטש טראַכט וועגן קיין זאַך נישט אַזוי ווינציק ווי וועגן טויט, און די חכמה זיינע איז נאָכצוקלערן נישט וועגן טויט, נאָר וועגן לעבן" („עטיק". טייל 4).

די גאַנצע שפּינאָזע־לערע איז דורכגעדרונגען מיט אַ מונטערער לעבנס־פרייידיקייט און איז פּאָר דער אַלזייטיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. ער האָט אַ ווי־דערגעפּיל צו דעם אַלעם, וואָס פירט צו דער פאַרקנעכטונג פונעם מענטש און צו דער אונ־טערדריקונג פון זיינע נאַטירלעכע נייגונגען. אין דער אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 45, אינעם פערטן טייל פון דער „עטיק", פאָרמולירט ער דעם דאָזיקן געדאַנק זיינעם מיט אָט־די ווער־טער:

„קיין זאַך, באמת, אַחוץ פינצטערער און טרויעריקער אַבערגלויבן, פאַרווערט נישט דעם מענטש זיך צו פרייען. דען פאַרוואָס זאָל עס זיין מער געזעצלעך צו שטילן דאָרשט און הונ־גער, ווי צו פאַרטרייבן מעלאַנכאָליע ? איך, פון מיין זייט, האָב געטראַכט וועגן אָט־דעם ענין און בין געקומען צו דער דאָזיקער איבערצייגונג: קיין גאָטהייט און קיין שום אַנדערער, אַחוץ דעם, וואָס איז מקנא אַנדערע, קלייבט נישט קיין נחת פון מיין שוואַכקייט און מוטלאָזיקייט, און רעכנט מיר נישט צו פאַר אַ טוגנד די טרערן.

קרעכצן, שרעק און דעסגלייכן, וועלכע זענען סימנים פון דער שוואַכקייט פונעם גייסט. פאַר־קערט, וואָס גרעסער ס׳איז די לוסט (פרייד), וואָס מיר ווערן פון איר אַפּעקטירט אַלץ גרעסער איז די פּערפעקטקייט, צו וועלכער מיר גייען איבער״. שפינאָזע האַלט, אַז וואָס בעסער דער מענטשלעכער קערפּער איז אַנטוויקלט, אַלץ פּערפעקטער ווערט זיין גייסט. „דעריבער״, פאַרענדיקט ער, „איז דער דאָזיקע לעבנס־שטייגער דער בעסטער און איז אין יעדן פּרט ווערט רעקאָמענדירט צו ווערן״.

ווי אַ מענטש פון דער נייער עפּאָכע, האָט ער געזוכט די רעאַליזירונג פון די שטרעבונגען, די זעלבסטדערפילונג, פאַר יעדערן און אַלעמען. קאָן דאָס אַלץ, אָבער, דער יחיד נישט דערגרייכן אין אָפּגעזונדערטקייט פון אַנדערע מענטשן. קיין שום זאַך איז דעם מענטשן נישט מער ניצ־לעך ווי דער מענטש. דעם מענטשנס מאַכט, וואָס איז זיין טוגנד, פאַרגרעסערט זיך מיט יעדן שריט זיינעם צו אַ וואָס נעענטערער מענטשלע־כער קאָאָפּעראַציע, וואָס בינדט צונויף זיין מאַכט מיט דער מאַכט פון אַנדערע מענטשן. דערמיט האָט שפינאָזע געוואָלט אָנדייטן ווי ניצלעך ס׳איז די געזעלשאַפט פאַרן מענטש, אַז זי האַלט זיך אויפן בשותפותדיקן אויסטויש פון אַרבעט צווישן מענטש און מענטש, אַז נאָר אין דער געזעלשאַפט קאָן דער מענטש דערגרייכן

דאָס העכסטע גליק, אַז פאַר זיין זעלבסטדער־האַלטונג נייטיקט ער זיך אין אַ געזעלשאַפט־לעכער אָרגאַניזאַציע.

„די געזעלשאַפט״, זאָגט שפּינאָזע, „איז זייער ניצלעך און אין דער העכסטע מאָס נויטווענדיק, נישט בלויז דערפאַר כדי זיך צו באַשיצן דאָס לעבן אַקעגן שונאים, נאָר אויך כדי זיך צו פאַר־שאַפן אַ סך זאַכן. וואָרום אויב די מענטשן וואָלטן נישט געוואָלט אַרויסווייזן געמיינשאַפט־לעכע הילף איינס דאָס אַנדערע, וואָלט נישט געקלעקט קיין פעאיקייט און קיין צייט זיך צו דערנערן און צו דערהאַלטן זיך אויף וויפיל ס׳איז נאָר מעגלעך, מחמת נישט אַלע זענען גלייך מסוגל צו אַלץ, און נישט איטלעך איינער וואָלט געווען בכוח צו פאַרשאַפן זיך דאָס, וואָס ער אַליין דאַרף אַזוי שטאַרק האָבן. כוח און צייט וואָלטן נישט געקלעקט ביי יעדן איינעם, ווען ער וואָלט אַליין באַדאַרפט אַקערן, זייען, שניידן, מאָלן, קאָכן, וועבן, נייען און טון אַן אַ שיעור אַנדערע זאַכן וואָס זענען נייטיק זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן, שוין אָפּגערעדט וועגן קונסט און וויסנשאַפטן, וואָס אויך זיי זענען אין אַ היפּשער מאָס נייטיק פאַר דער פאַרפול־קומונג פון דער מענטשלעכער נאַטור און פאַר איר גליקלעכקייט״ (טעאָלאָגיש - פּאָליטישער טראַקטאַט״, קאַפּיטל 5).

שפּינאָזע, ווי מ׳קאָן זען, האָט אויסגעצייכנט

פאַרשטאַנען, וואָס די געזעלשאַפט מיינט פאַרן יחיד, פאַר יעדן יחיד, פאַר דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער פּערזענלעכקייט, פאַר דער אַלזייטיקער פאַרבעסערונג פונעם לעבן און פאַר דער מאַניפעסטירונג פונעם מענטשנס פעאי־קייטן. אָן דער געזעלשאַפט איז נישטאָ קיין קולטור, קיין וויסנשאַפט, קיין קונסט, אַפילו נישט דער אינטעלעקט גופא, וואָס שפּילט ביי שפּינאָזען די ראָלע ווי דער אָנפירער מיטן מענטשן און דער איינצוימער פון זיינע עמאָ־ציעס (ליידנשאַפטן). איז דערפון געדרונגען, אַז דער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה, פון די אומשטענדן. דעריבער, כדי אַרויסצו־ברענגען דאָס בעסטע אינעם מענטשן, קאָן דאָס צו שטאַנד קומען נאָר און בלויז דורכן ענדערן די אומשטענדן, ד. ה., דורכן ענדערן די געזעל־שאַפט.

***

עטלעכע ווערטער נאָך וועגן שפּינאָזעס קאָנ־צעפּט בנוגע אומשטערבלעכקייט — וועגן איי־ביקן לעבן.

ס'איז נישט די לענג פון אַ מענטשנס טעג אויף דער ערד, וואָס מאַכט אים אומשטערבלעך, נאָר די הויכע קוואַליטעט פון זיינע געדאַנקען און טואונגען, וואָס ער האָט דערוואָרבן ביי זיין לעבן. קיין שום זאַך איז, לויט שפּינאָזען, נישט אייביק. דער שטראָם פון עוואָלוציע טראָגט

אַלצדינג אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער — קערפּערס פונקט אַזוי גוט ווי געדאַנקען, איינ־צלנע מענטשן נישט ווינציקער ווי גאַנצע פעל־קער. דאָך אָבער בלייבן אַלע זאַכן אייביק אין זייער אייגענעם סטאַטוס. צו זען זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, ווי שפּינאָזע דריקט זיך אויס, מיינט צו זען זיי נישט ווי זיי קוקן אויס ווען זיי פליסן פאַרביי, נאָר ווי זיי פאַר־בלייבן, נאָך דעם ווי זיי זענען שוין אַוועק. ווען אַ מענטשנס לעבן איז פאָראיבער, בלייבט דער אמת, אַז ער האָט געלעבט, און אַז ער איז געווען אָט אַזאַ און אַזאַ מין מענטש און נישט קיין אַנדערער, אַז ער האָט געהאַט זיין פונקציע און ווירקונג. וואָס בלייבט שוין אויף שטענדיק. אַ מענטש וואָס קאָן זיך זעלבסט זען אונטער דער פאָרם פון אייביקייט ווייסט, אַז ער קאָן נישט שטאַרבן אינגאַנצן, אַפילו ווען ער שטאַרבט, וואָרום אַפילו נאָכן טויט בלייבט דער אמת וועגן זיין לעבן, דער פאַקט וועגן זיין עקזיסטענץ אינעם געוועב פון פאַקטן. האָבנדיק אין זינען דאָס אייביקע בלויז, הערט ער אויף אין זינען צו האָבן יענעם טייל פון זיך, וואָס קאָן שטאַרבן.

איז אָבער אָט דער מין אומשטערבלעכקייט אַן אידעאַל בלויז, און ס׳איז גאָר נישט אַזוי גרינג אים צו דערגרייכן. יענער אָבער, וואָס איז שוין צוגעקומען צו אָט דער הויכער מדרגה, דער־

גרייכנדיק אָט דעם אידעאַל, און לעבט בעת זיין לעבן אין דער אייביקייט, לעבט ער צוליב דעם נישט לענגער. ס'איז פשוט פון זיין בליק אַרויסגעפאַלן דער עלעמענט פון דויער. עס ליגט אים מער נישט אין זינען, אָדער ער איז מער נישט באַאומרואיקט איבער דעם. און דער טויט, הגם ער האָט נישט פאַרלוירן זיין רעאַלי־טעט, האָט ער אָבער פאַרלוירן זיין שאַרפן שטאָך און הערט אים אויף צו פאַראומערן דאָס לעבן. דאָס סובלימירן, אַזוי צו זאָגן, זיינע אינטערעסן, ראַטעוועט אים, אויף אַזוי פיל ווי נאָר מעגלעך פון דער שטערבלעכקייט, וועלכע ער אַקצעפּטירט און וואַרפט זיך איר אונטער. חיות און בהמות זענען שטערבלעך, נישט ווייסנדיק עס, און אין זייער נאַרישקייט נעמען זיי אָן פאַר זיכער, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט אויפהערן צו לעבן. בלויז דער מענטש ווייסט, אַז ער מוז שטאַרבן: אָבער גראָד אָט דאָס וויסן הייבט אים אַריבער, אין אַ זין, איבער דער שטערבלעכקייט, דורכן מאַכן אים פאַר אַ מיטבאַטייליקטן אין דער וויזיע פון אָט דעם אייביקן אמת. ער ווערט אַ צוקוקער צו זיין אייגענער טראַגעדיע. איז אָט דער דאָזיקער אמת טאַקע אומברחמנותדיק טראַגיש, ער מאַכט אָבער פריי יענע, וואָס וואַרפן זיך אונטער דעם אומפאַרמיידלעכן גורל, און מאַכן שלום מיט אָט דעם אמת.

***

אַרום שפּינאָזען און זײַן פילאָזאָפיע איז אין משך פון די עטלעכע הונדערט יאָר אױסגעװאָקסן אַ ריזיקע ליטעראַטור. איבער דעם, װאָס ער האָט, צוליב די שװין פריער־דערמאָנטע סיבות, די נײַע געדאַנקען זײַנע געמוזט אַרײַנשפּאַרן אין דער אַלטער רעליגיעז־סכאָלאָסטישער טער־מינאָלאָגיע, און דורך דעם, װאָס שפּינאָזע האָט זיך פעסט געהאַלטען אין דער געאָמעטרישער פאָרם, דורך װעלכער ער האָט זיך געװואָלט באַ־װאָרענען אַקעגן טעותן, — קומט נישט גרינג אָן אײַנצובײַסן די שטרענג־מאַסיװע סטרוקטור פון זײַן אַרט שרײַבן. די זאַצן זײַנע זענען איבער דעם פעסט־געשלאָסענע. זײ זענען פול מיט אימפּליקאַציעס, און דאָ און דאָרט פילט זיך צומאָל אפילו לײַכטע איראָניע. בכלל גענומען אָבער זענען זײ פול מיט דערהױבענער פּראַכט און פּערפּעקטקײט. האָבן זיך אָבער געפונען אַזױנע, װאָס האָבן זיך געמיט צו דערװײַזן, אַז שפּינאָזע האָט טײל אידעיען זײַנע „אױסגע־באָרגט״ בײַ דער יידישער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, בײַ דער קבלה, בײַ דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, בײַ דעקאַרטן און בײַ װעמען נישט? דער אמת אָבער איז, אַז שפּינאָזע האָט געשאַפן אַ סיסטעם פון אידעיען, װאָס האָבן, װי געזאָגט, זיך צונױפגעשטימט מיט זײַן צײַט, מיט די באַ־שטימטע סאָציאַלע קאָנדיציעס אין האָלאַנד,

אָפּשפּיגלענדיק אין זיין ספּעציפישער פאָרם די אידעאָלאָגיע פונעם ניי־אויפשטייגנדיקן מיטלקלאַס. אמת, טייל עלעמענטן אין זיין פי־לאָזאָפיע, באַזונדערע אידעיען אירע, קאָן מען אויך געפינען ביי אַנדערע פילאָזאָפן און שריי־בער אין דער פאַרגאַנגענהייט. האָבן אָבער די זעלבע אידעיען ביי יענע געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן מיין, טייל אַפילו פונקט אַ פאַרקערטן, ווי ביי שפינאָזען. אַזוי איז עס, למשל, מיט דער אידעיע וועגן פאַנטעאיזם, די אידעיע וועגן אַן איין און איינציקער סובסטאַנץ, אָדער די אידעיע וועגן דער קאָרעלאַציע, די צונויפבאַהעפטקייט פון דער נשמה און קערפּער, מיט זיין דערקענטעניש טעאָריע, זיין לערע וועגן דער מלוכה און דעס־גלייכן. זענען אָבער אָט־די אַלע אידעיען, וועלכע מ׳געפינט ביי דענקער אין 16־טן יאָרהונדערט, און וועלכע דערמאָנען אינעם שפינאָזיזם, בפירוש ווייט פון אים, ווי הימל פון ערד. מחמת שפינאָזיזם — איז אַ פאַרגאַנצטע, מאָנאָליטישע לערע, ווי פון איין פעלז אויסגעהאַקט. אַלץ איז ביי אים אַזוי געבונדן, אַז קיין איין טייל קאָן נישט אַרויסגענומען און פאַרשטאַנען ווערן אָן דער פאַרבינדונג מיט די אַנדערע טיילן פון זיין פילאָזאָפישן סיסטעם.

אָבער צוליב זיין אידענטיפיצירן גאָט מיט נאַטור, אַז ביידע זענען איינס און דאָס זעלבע, מיט זיין איינשליסן דעם מענטש, אינגאַנצן ווי

ער איז, אינעווייניק אין דער נאַטור, און ווי אַ טייל פון דער נאַטור, מיט זיין אָפּוואַרפן דאָס טראַנסצענדענטאַלע, דאָס איבערנאַטירלעכע, ניסים און די השגחה העליונה (דעם אייבערשטנס השגחה), מיט זיין דרייסטן ראַציאָנאַליזם און מאַטעריאַליזם — איז שפינאָזע אַוועק העט ווייט פון דער פּאָזיציע, וועלכע ס'האָט אָנגעהאַלטן די אויפשטייגנדיקע פּראָטעסטאַנטישע בורזשואַזיע. ער האָט דעם גייסט פון דער נייער עפּאָכע אויס־געדריקט מיט אַזאַ פולקייט און טיפקייט, אַז זיינע מיטצייטלער, — נאָך אַלץ אין אַ היפשער מאָס פאַרזונקען אין דער אידעאָלאָגיע פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט (הגם זיי אַליין האָבן זי דאָך באַקעמפט), אין דער אידעאָלאָגיע פון אַ רעליגיעזער געזעלשאַפט, — האָבן אין אים געזען אַ געפערלעכן אַטעאיסט, און זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפן מיט דער גאַנצער מאַכט, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.



יאָרן און יאָרן נאָך זיין טויט ווערט שפינאָזע ווידער אַנטדעקט, שטודירט און אַקצעפּטירט ווי דער גרויסער לערער. דער גרויסער דיספּוט אַרום אים גייט שוין אַזוי אָן אַ פּאָר הונדערט יאָר. וואָס האָט מען עס נישט אַלץ אויסגע־טייטשט און אַריינגעטייטשט אין זיין פילאָ־זאָפיע! ער ווערט אָנערקענט אויך דורך די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואַזיע. זיי קאָנען זיך

שוין אָן אים נישט באַגיין. וואָס אָבער האָבן
זיי נישט צעטון מיט אים. זיי פאַרוואַנדלען דעם
דאָזיקן אייגנאַרטיקן רעוואָלוציאָנער אין דער
פילאָזאָפיע אין אַ מענטש געשיקט פון גאָט
אַליין. מחמת זיין אַקצענטירן די „אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט", באַטיטלט אים דעם
דייטשישער שריפטשטעלער נאָוואַליס (1772־1801) מיט אָט־דעם אויסטערלישן עפּיטעט:
„דער גאָט־פאַרשיכורטער פילאָזאָף". וואָס־זשע
איז יאָ דער מיין פון שפינאָזעס „אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט"? ציט מען פון די עטלעכע
ווערטער אַראָפּ דאָס טעאָלאָגישע מענטעלע אין
וועלכן זיי זענען איינגעהילט, דאַרף עס מיינען,
לויט שפינאָזען, פּשוט דעם מענטשס ליבשאַפט צו
דער נאַטור, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט
צו דערקענען און צו פאַרשטיין די סודות אירע
אַ דאַנק דעם אינטעלעקט, און אַז מיט דער
העכסטער פרייד ווערט דער מענטש אַדורכגענומען נאָר דעמאָלט, ווען ער דערשפירט אינטואיטיוו, מיטן גאַנצן וועזן, די איינהייט זיינע,
זיין צונויפבאַהעפטקייט מיטן גאַנצן קאָסמאָס.

ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט שפינאָזע,
כדי צו פאַרהיטן זיין לעבן און פרייהייט, זיך
באַנוצט מיט דער מיטלאַלטערלעכער רעליגיעזסכאָלאַסטישער טערמינאָלאָגיע. די גאָטהייט
פיגורירט, דעריבער, גאַנץ פראָמינענט אין זיין
פילאָזאָפישן סיסטעם. כאָטש פון דער אַנדערער

זייט איז דער גאָט זיינער ביי אים פּונקט אַזוי־
אומפּריי, פּונקט אַזוי געפּענטעט דורך די זעלבע
נויטווענדיקע געזעצן, ווי די גאַנצע נאַטור. ער
איז אָבער שטענדיק געווען אויף דער וואַך,
נישט צו געבן קיין וואָפן אין די הענט פון די
טעאָלאָגן. כדי אויף אַ מינוט נישט צו פאַרגעסן,
האָט ער תמיד געהאַט פאַר די אויגן דאָס לאַ־
טיינישע וואָרט CAUTE (זיי זייער געהיטן),
וואָס ער האָט אויסגעקריצט אויף זיין זיגל, און
אים קיינמאָל נישט אַראָפּגעלאָזט פונעם פינגער.




דאָס איז דער זיגל שפּינאָזעס מיטן לאַטיי־
נישן אויסדרוק „קאַוטע” (זיי געהיטן).

אָבער נישט תמיד העלפט עס. דאָ און דאָרט
רייסט זיך ביי אים אַרויס, קומט צו דער אויב־
בערפלאַך דער אמתער, נישט מאַסקירטער זין
פון זיין געדאַנקענגאַנג. אַט, למשל, פאָרמולירט
ער דעם דיפערענץ צווישן פילאָזאָפיע און
גלויבן מיט אָט־די ווערטער: „דער ציל פון דער
פילאָזאָפיע איז נישט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר

דער אמת. פאַרקערט, ווידער, איז דער ציל פונעם גלויבן נישט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר אונטערטעניק צו פאָלגן און פרומקייט".

שפינאָזעס מאָניסטישע לייזונג פונעם קאַרדינאַלן פראָבלעם אין יעדן פילאָזאָפישן סיסטעם — די שייכות צווישן מאַטעריע און גייסט — האָט טיף באַווירקט די פראָגרעסיווע דענקער אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע הונדערט יאָר. זיי, ווידער, פון זייער זייט האָבן ווייטער אַנטוויקלט שפינאָזעס גרונט־אידעיע בנוגע דער פראַגע וועגן דער נאַטור פונעם דענקען. אין אָט־דער פראַגע האָבן זיך אונטער שפינאָזעס איינפלוס געפונען סיי די גרויסע פראַנצויזישע ענציקלאָפעדיסטן ־ מאַטעריאַליסטן פון 18־טן יאָרהונדערט, ווי דידראָ, העלוועציוס, האָלבאַך, א. אַנד., אַזוי גוט ווי די קאַרפּן־קעפּ פון דער דייטשישער „אויפקלערונג".

צווישן די וואָס האָבן געשעפּט פון זיינע קוואַלן קאָן מען טרעפן די סאַמע שפּיצן אין אַלע צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור. אַזוינע ווי: משה מענדעלסאָן, הערדער, געטע, העגעל, לעסינג, היינע, משה העס, פלאָבער, ערנעסט רענאַן, פרודאָן, ניטשע, געאָרג בראַנדעס, טאָלסטאָי, פּלעכאַנאָוו, אונדזער אייגענער חיים זשיטלאָווסקי, יוסף קלויזנער, דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ און נאָך און נאָך. ואחרון, אחרון חביב — נאָך איינער וואָס טאָר בשום אופן נישט

אויסגעלאָזט ווערן, איז אונדזער אומפאַרגעס־
לעכער אַלבערט איינשטיין, וואָס האָט דאָס
גאַנצע לעבן זיינס זיך געהאַלטן פאַר שפינאָזעס
אַ געטרייען תלמיד. „דער גרעסטער צווישן די
מאָדערנע פילאָזאָפן״! — איז געווען זיין פי־
נאַלער אורטייל איבער שפינאָזען.

שפינאָזעס פילאָזאָפיע ווי אַ פראָגרעסיווע
דערשיינונג אין 17־טן יאָרהונדערט האָט, ווי
געזאָגט, געהאַט אַן אומגעהייערע ווירקונג אויף
דער גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם
מענטשלעכן געדאַנק. צו די דענקער, וועלכע זע־
נען באַאיינפלוסט געוואָרן פון שפינאָזען דאַרף
מען אויך צורעכענען מאַרקסן און ענגעלסן, די
גרונט־לייגער פונעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַ־
ליזם. דער מאַרקסיסטישער וועלט־באַנעם איז
אויף פאַרשידענע אופנים פאַרבונדן און קומט
זיך צונויף מיטן שפינאָזיזם.

בעט זיך דאָ צו ציטירן, גאַנץ קאָנדענסירט,
כאָטש עטלעכע אַרויסזאָגונגען וועגן אונדזער
פילאָזאָף.

משה מענדעלסאָן (1729־1789): „מ׳האָט
מיט רעכט באַוואונדערט דעם שאַרפזין מיט
וועלכן ער פירט אַרויס די גרונט־אידעיען פון
זיין סיסטעם און פאַרבינדט אים ביז די מינד־
סטע דעטאַלן מיט געאָמעטרישער פעסטקייט״.

יאָהאַן וואָלפגאַנג געטהע (1862־1749):
„אַ מוח, וואָס האָט אַזוי אַנטשידן אויף מיר געווירקט און וואָס האָט נאָך געזאָלט האָבן אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף מיין גאַנצן אַרט דענקען, איז געווען שפינאָזע".

גאָטהאָלד אפרים לעסינג (1781־1729):
„מענטשן רעדן כסדר וועגן שפינאָזען ווי וועגן אַ טויטן הונט". ... ס'איז נישט פאַראַן קיין אַנדער פילאָזאָפיע, אַחוץ דער פילאָזאָפיע פון שפינאָזען".

געאָרג ווילהעלם העגעל (1831־1770):
„שפינאָזע איז דער צענטראַלער פּונקט פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע — ענטווידער שפינאָזיזם אָדער קיין פילאָזאָפיע".

היינריך היינע (1856־1797): „אַלע אונד־זערע היינטיקע פילאָזאָפן זעען די וועלט דורך די ברילן, וואָס ברוך שפינאָזע האָט געשליפן — אָפטמאָל אַליין נישט וויסנדיק דאָס".

געאָרג בראַנדעס (1927־1842): „שפינאָזע! אַ וואַרעמקייט צעגיסט זיך איבערן קערפּער, אַזוי אָפּט ווי מ'דערמאָנט זיך וועגן אים און מ'פאַרטיפט זיך אין אים. ווער ס'האָט אים אין דער יוגנט געלייענט, דער האָט זיין גייסט גע־טובלט אין אַ ברענענדיקן, לייטערנדיקן פייער.

שפּינאָזע איז דער קדוש פונעם דענקען, ווי שעלי פון פּאָעזיע״.

דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ (1863־1952, פּראַ־מינענטער אַמעריקאַנער פילאָזאָף): „שפּינאָזע איז איינער פון יענע גרויסע מענטשן, וואָס זייער אימפּאָזאַנטקייט וואַקסט באַשיינפּערלעך מיטן לויף פון יאָרן. ווי אַ באַרג, וואָס איז ביים אָנהייב פאַרשטעלט דורך די בערגלעך ביי זיין צופוסנס, שטייגט ער אַלץ העכער און העכער ביים צוריק־טרעטן פון אים״.



איז איצט ביים סוף דאָ נייטיק אָנצואווייזן, אַז אָט־די שטאַרק־קאָנדענסירטע, פראַגמענטאַ־רישע עקספּאָזיציע פון שפּינאָזעס לעבנס־באַ־נעם, פון זיין פילאָזאָפיע, פּרעטענדירט בשום אופן נישט צו זיין אויסשעפּנדיק. בנוגע יענע פונקטן, ווידער, פון זיין לערע, וואָס ווערן דאָ יאָ באַרירט, האָט זיך געפּאָדערט טיפער און ברייטער צו צעאַקערן דאָס געדאַנקען־רייכע פעלד שפּינאָזעס — וואָס איז דאָ אין דער קור־צער עסעי געווען אוממעגלעך.

דאַרף אָבער נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז שפּינאָזע איז געווען גוט באַהאַוונט, אויף וויפיל ס׳איז נאָר מעגלעך געווען, אין אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט אין זיין צייט. ווייטער איז זיין אינ־טערעס אין אמת נישט געווען אַ מין אַקאַדעמי־

שער אָדער אַבסטראַקטער, — אמת, גלאַט אַזוי
אין דער וועלט אַריין, — נאָר ווי אַן אינסטרו־
מענט צו אינטערפּרעטירן די וועלט אַזוי, מ׳זאָל
קאָנען געפינען דעם ריכטיקן וועג, וואָס זאָל
אונדז פירן צו אַ גוט, חשוב מענטשלעך לעבן
פאַר אַלעמען. אין דעם זינען געפינט ער זיך
אין דער געהויבענער געזעלשאַפט פון די גרויסע
קלאַסיקער אין דער פילאָזאָפיע זינט די עלטסטע
צייטן. זיין פילאָזאָפיע איז אַ מעטאָדע ווי צו
דענקען קלאָר, און דעריבער אַ ביצלעכע מעטאָדע.
זיין ענד־ציל איז צו ווייזן דעם וועג ווי צו קריגן
דעם קאָנטראָל איבער דער נאַטור און איבער
זיך אַליין, מיטן איינציקן צוועק צו דערפירן
דעם וואָוילזיין פונעם מענטש צו אַן אַלץ העכערן
און העכערן שטאַפל.

ניו יאָרק, 1956.

